א. ס. טורגעניעוו.

---

# קלארא מיליטש

ערצעהלונג

מיט אַ פֿאָרוואָרט פֿון מאררים מייער.

---

איבערזעצט פֿון

ז. ראזעס.

---

פֿערלאַג „קונסט”, לאָנדאָן.

1910.

געדרוקט ביי י. נאַראָדיצקי, 48 מייל ענד רויד, איסט.

# איוואן סערגיעוויטש טורגעניעוו.

„פון אלע פראזא שרייבער פון רוסלאנד איז טורגעניעוו דער גרעסטער קינסטלער.“ — אזוי זאגט דער וועלטבעריהמטער ליטעראטור קריטיקער געארג בראנדעס אין זיין ווערק „איינדריקע פון רוסלאנד“.

אנ'אנדערער, אפילו ניט אזא גרויסער אויטאריטעט אין ליטעראטור קריטיק ווי דער ערשטער, אבער דאך א גרויסער דענקער, אויף וועמענס ווארט מען קען זיך פערלאזען, פרינץ פעטער קראפאטקין, שרייבט אין זיין ווערק „אידעאלען און ווירקליכקייטען אין דער רוסישער ליטעראטור“ פאלגענדעס: „דורך זיין ארטיסטישעם צוזאמענשטעלען, דורך דער פאלקאמענהייט און שעהנקייט פון זיינע ערצעהלונגען, איז טורגעניעוו זעהר וואהרשיינליך דער גרעסטער ערצעהלונגס פערפאסער פון זיין יאהרהונדערט“.

איך דענק, אז די מיינונגען פון אזעלכע צוויי גרויסע דענקער און ליטעראטור קענער זיינען גענוג צו ערקלעהרען, אז טורגעניעוו, דער פערפאסער פון דער ערצעהלונג „קלארא מיליטש“, וועלכע ליגט דא פאר דעם לעזער, אין א אידישער איבערזעצונג, איז איינער פון די גרעסטע שריפטשטעלער פון פערגאנגענעם יאהרהונדערט, ניט נאר אין רוסלאנד, זאנדערן אין דער גאנצער וועלט.

איוואן סערגיעוויטש טורגעניעוו איז געבוירען געווארען דעם 28־טען נאוועמבער (אלטען סטיל), 1818, אין אריאל, רוסלאנד. ער איז געוועזען דער זוהן פון א קאלאנעל, וועלכער האט בעלאנגט צו אנ'אלטער אריסטאקראטישער פאמיליע, וואס האט געשטאמט פון טאטערן. די ערשטע ערציהונג און בילדונג האט ער בעקומען אין זיינע עלטערן'ס הויז. מען האט מיט איהם געלעהרענט

דייטש, פֿראַנצויזיש און אויך רוסיש... די רוסישע שפּראַך, האָטש זי איז געווען די מוטער־שפּראַך, האָט מען איהם געלעהרענט אַם ווענינסטענס. צו יענער צייט איז צווישען די אַריסטאָקראַטישע קרייזען פֿון רוסלאַנד נאָך געווען פֿערשפּרייט די פֿעראַכטונג צו דער אייגענער שפּראַך און ליטעראַטור. ביי די טורגעניעווס אין הויז פֿלעגט מען רעדען רוסיש נאָר מיט די דינסטען און שקלאַפֿען. דער יונגער טורגעניעוו וואָלט פֿילייכט געבליבען אויף אייביג פֿרעמד צו דער ליטעראַטור פֿון זיין לאַנד און פֿאָלק, ווען זייערער אַ שקלאַף וואָלט איהם ניט געווען בעקאַנט געמאַכט מיט איהר. דער שקלאַף פֿלעגט איהם פֿאָרלעזען פֿערזען פֿון חערסאָקאָוו'ן (אַ רוסישער דיכטער פֿון 18־טען יאָהרהונדערט) און פֿון אַנדערע. דאָס האָט אין איהם ערוועקט ליעבע צו דער רוסישער ליטעראַטור און חשק זיך מיט איהר צו בעשעפֿטיגען, און ער האָט איהר געווידמעט זיין טאַלאַנט און זיינע קינסטלערישע פֿעהיגקייטען.

אין 1833 איז טורגעניעוו אָנגעקומען אין דער אוניווערזיטעט פֿון מאָסקוואַ, וואו ער האָט אָנגעפֿאַנגען שטודירען פֿילאָזאָפֿיע. מיט אַ יאָהר שפּעטער איז זיין פֿאָטער געשטאָרבען און זיין מוטער האָט זיך איבערגעצויגען נאָך פּעטערבורג. ער איז אויך אַהין געפֿאָהרען און אָנגעפֿאַנגען לעהרנען אין דער דאָרטיגער אוניווערזיטעט. אין 1837, אין דעם זעלבען יאָהר, ווען ער האָט דאָרט געענדיגט זיין שטודיום, האָט טורגעניעוו געצייגט דעם פּראָפֿעסאָר איבער ליטעראַטור, פּלעטניעוו, אַ פֿאַנטאַסטישע דראַמאַ אין פֿערזען מיט דעם נאָמען „סטעניאָ", וועלכע ער האָט פֿערפֿאַסט. אין דער ריכטיגקייט איז דאָס ניט געווען קיין אייגענע פֿערפֿאַסונג, זאָנדערן נאָר אַ בעאַרבייטונג פֿון בייראָנ'ס „מאַנפֿרעד". דער פּראָפֿעסאָר האָט דאָס תיכף אויסגעפֿונען; ער האָט אָבער אויך בעמערקט, אַז די בעאַרבייטונג איז קינסטלעריש און אַז דער יונגער דיכטער האָט טאַלאַנט, וואָס ווערט זיך מיט דער צייט ענטוויקלען. פּלעטניעוו האָט דאַן פֿערעפֿענטליכט איינינע געדיכטע פֿון טורגעניעוו'ן אין אַ זשורנאַל, מיט וועלכען ער איז געווען אין פֿערבינדונג. דאָס זיינען אָבער געווען שוואַכע אָנפֿאַנגען און זייער פֿערפֿאַסער האָט ניט געוואָלט אונטערשרייבען זיין נאָמען אונטער זיי.

## II.

נאָך דעם וואָס טורגעניעוו האָט געענדיגט זיין שטודיום אין דער אוניווערזיטעט אין פּעטערבורג האָט מען איהם אַוועקגעשיקט נאָך בערלין. דאָרט האָט ער צוזאַמען מיט באַקונין, און מיט אַנדערע נאַכהער בע־ריהמטע געוואָרענע מענער, נאָכגעפאָלגט די פּאָרלעזונגען איבער פי־לאָזאָפיע אין דער אוניווערזיטעט. ער האָט דאַן אויך געמאַכט אַ רייזע דורך שווייץ און איטאַליען. אין 1841 איז ער צוריקגעקומען נאָך מאָסקוואַ, וואו זיין מוטער האָט זיך ווידער בעזעצט; ער איז דעמאָלט שוין געווען אַ פאָלשטענדיגער אייראָפּעער, אַ מאַן מיט מערב־איי־ראָפּעאישע בילדונג און אַנשויאונג.

אין מאָסקוואַ איז טורגעניעוו געקומען אין פערבינדונג מיט אַ גרופּע סלאַוואָפילען, אָנהענגער פון צאַרענטהום און רוסישער הער־שאַפט איבער די אַרומיגע לענדער; ער האָט אָבער תיכף דערפיהלט אַנ'אָבשטויס צו די אַנשויאונגען פון דער גרופּע. איהם האָט איבער־הויפּט אָבגעשטויסען דער גאַנצער רוסישער רעזשים פון שקלאַפעריי (צו יענער צייט האָט נאָך עקזיסטירט די פּאַנשטשינאַ) און זעלבסט־הערשאַפט; איהם האָט זיך געוואָלט אַז רוסלאַנד זאָל זיין פריי, ווי די לענדער פון מערב אייראָפּאַ. די דאָזיגע געפיהלען האָט ער ניט תיכף עפענטליך אַרויסגעצייגט, ער האָט זאָגאַר צוערשט געזוכט זיך צוצופּאַסען צו די רוסישע בעדינגונגען. ער איז אַריינגעטראָטען אַלס בעאַמטער אין דער קאַנצעלאַריע פון דעם מיניסטער פון אינערן. זיין מיה איז אָבער געווען אומזיסט, זיין קינסטלערישע נשמה האָט בשום אופן ניט געקענט מאַכען שלום מיט דעם אונטערדריקענדען צו־שטאַנד, זי האָט געוואונשען צו לעבען אין א שעהנערער, אין אַ פרייערער וועלט. אין 1843 האָט ער אויפגעגעבען דעם אַמט און האָט זיך גענומען צו שריפטשטעלערישער טהעטיגקייט.

צוערשט האָט טורגעניעוו אַליין פערפאַסט און פערעפענטליכט געדיכטע, איינינע פון זיי האָבען צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם בעריהמטען רוסישען קריטיקער ב י ע ל י נ ס ק י. די אויפ־מערקזאַמקייט פון דעם לעזענדען פובליקום האָט ער ערשט צוגע־צויגען, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען פערעפענטליכען זיינע סקיצען פון דעם לעבען פון די שקלאַפען. דיזע סקיצען זיינען, אין 1852, ערשיע־נען צוזאַמען אין אַ בוך אונטער דעם נאָמען: „פערצייכנונגען פון אַ

יענער", און זיי האָבען אַרויסגערופען אַ אונגעהויערען גרויסען אינטערעס.

טורגעניעוו האָט זיך אין זיינע עלטערען'ס הויז אָנגעזעהן מיט גענוג ליידען פון די שקלאַפען. זיין מוטער איז געווען אַ שלעכטע פרוי מיט אַ דעספּאָטישען כאַראַקטער; זי פלעגט די דינער און שקלאַפען שלאָגען און פייניגען. ער האָט אויך געהאַט אַנדערע גע־לעגענהייטען זיך צו בעקענען מיט זייער שרעקליכער לאַגע, און אָט זי האָט ער געשילדערט אין די פערצייכנונגען. אָהנע עפּעס צו איי־בערטרייבען, זאָגאַר אָהנע צו געבען אַ געלעגענהייט דעם צענזאָר די סקיצען צו אונטערדריקען, שילדערט ער אין זיי די גראָבקייט און די שלעכטקייט פון די גוטסבעזיצער, די פייניגונג און אונטערדריקונג, וואָס די שקלאַפען האָבען אויסצושטעהן, און זייערע ביטערע שמער־צען און ליידען. די פאָרם פון די דאָזיגע סקיצען איז געווען אַ העכסט קינסטלערישע. די כאַראַקטערע ווערען אין זיי געשילדערט טיעף פּסי-כאָלאָגיש און אַחוץ דעם ענטהאַלטען זיי גלענצענדע, קונסטפולע בילדער פון דער נאַטור. דאָס ווערק איז געלעזען געוואָרען פון אַלע קלאַסען אין רוסלאַנד; אפילו דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט עס אויך געלעזען. עס האָט געהאַט אַ זעהר גרויסען איינפלוס אויף דער עפענטליכער מיינונג בנוגע די שקלאַפען און ס'האָט אָהנע צווייפעל בייגעטראָגען צו דער אָבשאַפונג פון דער פּאַנשטשינאַ.

נאָך אין 1846 איז טורגעניעוו צוריקגעפאָהרען נאָך אויסלאַנד, פון דאָרט האָט ער צוגעשיקט זיינע פריהער דערמאָהנטע סקיצען. אין 1851 האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אין זיין פאַטערלאַנד. אין 1852, ווען דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער ג אָ ג אָ ל איז געשטאָרבען האָט ער פערעפענטליכט אַ נעקראָלאָג אין אַ מאָסק-וואַר זשורנאַל. די רוסישע פּאָליציי האָט איהם נאָך פון פריהער גע-האַסט פאַר זיין ליעבע צו פרייהייט און זי האָט געפונען אַ געלעג־גענהייט זיך מיט איהם אָבצורעכענען. זי האָט אויסגעפונען, אַז אין דעם נעקראָלאָג פערדאַמט ער דעם צאַרענטהום און מען האָט איהם אַרעסטירט. אַ מאָנאַט האָט ער געשמאַכטעט אין טורמע; דער וואונש פון דער פּאָליציי איז געווען איהם צו פערשיקען נאָך סיביר. די שולד זיינע איז אָבער געווען אַ קליינע, מען האָט איהם פאַר איהר ניט געקענט געבען אַזאַ שווערע שטראָף און מען האָט איהם

פערשיקט אויף זיין גוט ספאסלאָזשע־לוטאָווינאָוואַ אין אָרלאָווער גו־
בערניע. צוויי יאָהר איז ער דאָרט געבליבען, ער האָט ניט געטאָרט אַוועקפאָהרען; ענדליך האָט דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער, צו וועלכען ער האָט אַ בריעף געשריבען און זיך פערטהיידיגט אַלס אונשולדיג, איהם געהייסען פריילאָזען.

אין דער צייט פון 1852 ביז 1855 האָט טורגעניעוו אָנגעשריבען אייניגע ערצעהלונגען, אין וועלכע עס פיהלט זיך אַ טיעפע מעלאַנכאָליע, זאָגאַר אַ פעסימיזם, אַ צווייפעל; אין די ערצעהלונגען וואָס ער האָט געשריבען אין די שפעטערע יאָהרען האָט ער זיך בעפרייט אַביסעל פון דעם דאָזיגען צווייפעל; גאָר אויף דער עלטער האָט ער זיך צו איהם צוריקגעקעהרט. זיינע וויכטיגסטע ערצעהלונגען זיינען: „דער טאַגע בוך פון אַ נוצלאָזען מענשען", „רודין", „די נעסט פון אַ אַריסטאָקראַט", „די פאָטערס און די זיהנען", „רויך", „אונבעאַרבייטע ערד" און אַנדערע.

טורגעניעוו האָט אין אַלע זיינע ערצעהלונגען געשילדערט ווירקליכע טיפען, רעאַליסטישע כאַראַקטערע פון לעבען. זיינע כאַראַקטערע האַלטען זיך אָבער אין ענדערען; זיי ערשיינען אַנדערש אין די פרייהערדיגע, ווי אין די שפעטערע ערצעהלונגען. אין די ערשטע ערצעהלונגען שילדערט ער צווייפלער, אונצופרידענע מענשען, וועלכע פערלירען זייער צייט בלויז אין מורמלען און רעדען; נאַכהער שילדערט ער העלדען, מענשען פון האַנדלונג, וועלכע זיינען ניט בלויז אונצופרידען מיט דעם לעבען, נאָר זיי זוכען עס צו ענדערן, דאָס עס זאָל זיי קענען פערשאַפען צופרידענהייט. די ענדערונג אין טורגעניעוו'ס כאַראַקטערע איז אייגענטליך נאָר געווען די אָבשפיגלונג פון דער ענדערונג,* וואָס האָט דעמאָלסט אָנגעפאַנגען אין דעם רוסישען לעבען. אין יענער צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אין רוסלאַנד דער איבערגאַנג פון שקלאַפעריי צו פרייהייט, וואָס איז ליידער נאָך ניט פערענדיגט געוואָרען. דער דאָזיגער איבערגאַנג ווירקט אויף די מענשען און זיי האַלטען זיך אין איין ענדערן. טורגעניעוו האָט מיט זיין קינסטלעריש אויג אויפגעפאַסט די פערשיעדענע פאָרמען, וואָס די מענשען האָבען אָנגענומען אין זיין צייט, און זיי געשילדערט.

דעם שאַרפסטען געגענזאַץ געפינט מען צווישען זיינע צוויי כאַ־

ראַקטערע: רודין — אין דער ערצעהלונג, וואָס טראָגט דעם זעלבען נאָמען, וועלכע איז ערשיענען אין 1855, און באַזאַראָוו — אין דער ערצעהלונג די „פֿאָטערס און די זיהנען”, וואָס איז ערשיענען אין 1859. אין רודין שילדערט ער דעם האַמלעטיזם, וואָס האָט צו יענער צייט געהערשט צווישען די געבילדעטע קלאַסען אין רוסלאַנד. זיי זיינען געווען אונצופֿרידען אָבער נאַכלעסיג, זיי האָבען קיין זאַך ניט געוואַגט, אפילו ליעבען האָבען זיי געליעבט אָהן ליידענשאַפֿט, זיי האָבען זיך פֿערלוירען אין ספקות. אין באַזאַראָוו'ן שטעלט ער פֿאָר דעם נייעם טיפּ מענשען, וואָס איז ענטשטאַנען; דעם טיפּ מענשען, וועלכער אַכטעט ניט קיין שום זאַך, נעהמט גאָר ניט אין אָנבעטראַכט און איז אומשטאַנד אַלעס צו טהון, כדי צו דערגרייכען זיינע ציעלען.

אין באַזאַראָוו'ן האָט טורגעניעוו צום ערשטען מאָל, אין דער רוסישער ליטעראַטור, פֿאָרגעשטעלט אַ העכסטען טיפּ פֿון אַ רעוואָ־לוציאָנער. ער אַליין רופֿט זיך מיט'ן נאָמען ניהיליסט. דער נאָ־מען איז ניט געבליבען בלויז דער נאָמען פֿון טורגעניעוו'ס העלד, זאָנדערן ער איז געוואָרען דער נאָמען פֿון אַ גאַנצען קלאַס מענשען, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער לעצטער גע־שיכטע פֿון רוסלאַנד. דאָס צייגט אויך ווי גרינדליך און ווי טיעף טורגעניעוו האָט פֿערשטאַנען די מענשען פֿון זיין צייט.

טורגעניעוו האָט בכלל זעהר גוט פֿערשטאַנען דעם געגענזאַץ צווישען די צוויי מינים כאַראַקטערע, וועלכע זיינען פֿאַראַנען אין דער וועלט, דער געגענזאַץ צווישען צווייפֿלער און טהוער. ער האָט דעם דאָזיגען געגענזאַץ ערקלעהרט אויף אַ גלענצענדען אופֿן אין זיינעם אַ פֿאָרטראַג „האַמלעט און דאָן קיכאָט”, וואָס ער האָט געהאַלטען אין 1860. האַמלעט, ערקלעהרט ער, איז אַ פּעסעמיסט, אַ צווייפֿלער, ער גלויבט ניט אין קיין גוטעס, ער זעהט נאָר דאָס שלעכטע אויף דער וועלט, ער וואַגט ניט צו טהון קיין זאַך, ווייל ער האָט מורא, דאָס ווי ער וועט טהון וועט זיין געפֿעהלט; דאָן קיכאָט איז, פֿערקעהרט, אַ אי־דעאַליסט, ער שטרעבט צו דער פֿאָלקאָמענהייט, אין וועלכער ער גלויבט, און ער קעמפֿט מיט סיי וואָס עס קומט איהם נאָר אַקעגען אין דעם וועג צו זיין ציעל. נאָך טורגעניעוו'ן זיינען די צוויי פֿערשיע־

דענאַרטיגע כאַראַקטער שטריכען אינערליך אין דער נאַטור פֿון דער מענשהייט, און יעדער מענש בעזונדער איז, מעהר אָדער וויניגער, אַ האַמלעט אָדער אַ דאָן קיכאָט.

די כאַראַקטערע, וואָס טורגעניעוו שילדערט זיינען אויך ענטוועדער האַמלעטס אָדער דאָן קיכאָטס, אַממייסטענס האַמלעטס... עס פֿיהלט זיך אַ מעלאַנכאָליע אין זיינע ערצעהלונגען, אין איינגע אַ טיעפֿערע און אין אַנדערע אַ לייכטערע; ער פֿערהאַלט זיך אָבער כמעט אין אַלע סקעפּטיש צו דעם לעבען. ער ערשיינט אין אַלע זיינע ווערק ניט נאָר אַלס קינסטלער נאָר אויך אַלס פֿילאָזאָף. דאָס מאַכט זיינע ערצעהלונגען בעזונדער אינטערעסאַנט און נאָך מעהר בעדייטענד.

זעהר כאַראַקטעריסטיש גלענצענד און אָריגינאַל איז די ערצעהלונג „קלאַראַ מיליטש", וועלכע ער האָט פֿערפֿאַסט אויף דער עלטער. אין איהר צייגען זיך אַרויס די קינסטלערישע פֿעהיגקייטען פֿון טורגעניעוו'ן און זיין טיעפֿע פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזע אין זייער פֿולער מאַכט.

טורגעניעוו האָט אויך געשילדערט דעם כאַראַקטער פֿון אַ אידען, אין זיין ערצעהלונג „דער איד", נאָר גלייכער וואָלט ער איהם ניט געווען געשילדערט... ער האָט הפּנים בעגעגענט נאָר נידעריגע אידען אין זיין לעבען, אָדער ער האָט די אידען גאָר ניט געקענט. ווען ער וואָלט געווען געקענט די אידען, ניט נור דעם אויסוואורף פֿון צווישען זיי, וואָלט ער געוויס געשילדערט אַנ'אַנדערן טיפּ ניט זיין הירשעל... די ערצעהלונג „דער איד" איז אָהן אַ צווייפֿעל אַ דאָרן אין טורגעניעוו'ס ליטעראַרישען גאָרטען...

זינט 1861 האָט טורגעניעוו פֿערלאָזען רוסלאַנד. צוערשט האָט ער זיך בעזעצט אין באַדען־באַדען, נאַכהער — אין פּאַריז. דאָ איז ער געווען בעפֿריינדעט מיט די גרעסטע דיכטער און שריפֿטשטעלער פֿון יענער צייט: מיט דזשאָרדזש סאַנד, פֿלאָובער, רענאַן און אַנדערע. פֿאַר רענאַן'ן האָט ער איבערהויפּט געהאַט אַ גרויסע אַכטונג, ער האָט איהם גערופֿען: מייסטער.

טורגעניעוו איז קיין מאָל ניט געווען געזעצליך פֿערהייראַטה. אין דער יוגענד, בשעת ער איז געווען אין בערלין, האָט ער געליעבט אַ שניידער מיידעל. ער האָט פֿריהער, און דאַן ווען ער איז געווען פֿערשיקט אויף זיין גוט, געלעבט מיט אַ שקלאַפֿין, וועלכע איז געווען

וואונדערבאַר שעהן, נאָר ער האָט זי ניט געקענט אויסלעהרנען שריי־בען און לעזען. זי האָט איהם געבוירען אַ טאָכטער, וועלכע ער האָט, אין 1864, פערהייראַטהה מיט אַ פראַנצויז. אַ גרויסע ווירקונג אויף טורגעניעוו'ן האָט געהאַט די פרוי פון דעם בעריהמטען פראַנצויזישען שריפטשטעלער לואי וויאַרדאו. זי איז געווען אַ פיאַניסטין, אַ זינגערין און איבערהויפט זעהר אַן אינטעליגענטע דאַמע. זי איז געווען אַ פריינד פון דעם רוסישען שריפטשטעלער נאָך פון זיין יוגענד. אין 1847, בשעת ער איז געווען אין אויסלאַנד האָט איהם זיין דעספאָטישע מוטער ניט געוואָלט שיקען קיין געלד אויף צו לעבען, מאַדאַם וויאַר־דאָו האָט איהם דעמאָלט אויסגעהאָלפען. ער האָט געפיהלט צו איהר אַ ליידענשאַפטליכע ליעבע, זי האָט זיך אָבער אויסגעדריקט נאָר אין פערעהרונג און פערהערליכונג. ווען ער איז געשטאָרבען דעם 3־טען סעפטעמבער 1883 איז זי לויט זיין צואה געבליבען זיין יורש'טע. טורגעניעוו האָט אויך, דורך זיין צואה, געפאָדערט, דאָס מען זאָל זיין טויטען קערפער אָבפיהרען קיין פעטערבורג, וואו מען זאָל איהם בעערדען נעבען ביעלינסקי'ן, וועמען ער איז פיעל דאַנקבאַרקייט שול־דיג געווען און פאַר וועלכען ער האָט געהאַט אַ גרויסע אַכטונג. זיין וואונש איז ערפילט געוואָרען.

טורגעניעוו'ס נאָמען וועט אויף אייביג בלייבען פערשריבען אין דער געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור, ניט נאָר אַלס גרויסער קינסטלער, וועלכער האָט איהר געגעבען אייניגע פון איהרע שעהנס־טע פעריל, זאָנדערן אויך אַלס דער יעניגער, וועלכער האָט צוערשט אַרויסגערופען צו איהר דעם אינטערעס פון די מערב־אייראָפעאישע פעלקער. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט דורך זיינע ווערק געלאָזט פיהלען, אַז ס'עקזיסטירט אַ רוסישע ליטעראַטור, וואָס האָט ווערטה צו פערנעהמען אַ בכבוד'יגען פּלאַץ צווישען די וועלט ליטעראַטורען.

מאָררים מייער.

---

א. ס. טורגעניעוו.

---

# קלארא מיליטש

ערצעהלונג

מיט אַ פאָרוואָרט פון מאררים מייער.

---

איבערזעצט פון

ז. ראזעם.

---

פערלאַג „קונסט", לאָנדאָן.

1910.

געדרוקט ביי י. נאַראָדיצקי, 48 מייל ענד רויד, איסט.

# 1

אין פֿריהלינג 1878־טען יאָהר, האָט געוואוינט אין מאָסקווא, אין אַ קליינע הילצערנע הייזעל אויף שאַבאַלאָווקע — אַ יונגער מאַן פֿון פֿינף און צוואַנציג יאָהר מיט'ן נאָמען יאַקאָוו אַראַטאָוו. צוזאַמען מיט איהם האָט געוואוינט זיינע אַ מוהמע, אַן אַלטע פֿריילין פֿון אַ יאָהר פֿופֿציג, זיין פֿאָטערס אַ שוועסטער, פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ. זי האָט געפֿיהרט דאָס הויז־ווירטשאַפֿט און אַלע שטוביגע הוצאות, צו וואָס אַראַטאָוו איז לחלוטין אונפֿעהיג געוועזען. קיין אַנדערע קרובים האָט ער ניט געהאַט. מיט עטליכע יאָהר צוריק איז זיין פֿאָטער, אַ מיטעלער גוט־בעזיצער פֿון ט—ער גובערניע איבערגעפֿאָהרען אין מאָסקווא צוזאַמען מיט איהם און פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ'ן, וועלכע ער האָט שטענדיג גערופֿען פּלאַטאָשאַ; דער פּלימעניק האָט זי אויך אַזוי גערופֿען. פֿערלאָזענדיג דעם דאָרף אין וועלכען זיי אַלע האָבען ביז אַהער געוואוינט, האָט זיך דער אַלטער אַראַטאָוו בעזעצט אין דער הויפּטשטאָדט, אום אַריינצוגעבען זיין זוהן אין אוניווערזיטעט צו וועלכען ער אַליין האָט איהם פֿערפֿערטיגט ער האָט געקויפֿט גאַנץ ביליג אַ קליינע הייזעל אין איינע פֿון די וויטערע גאַסען און האָט זיך דאָרט איינגעאָרדענט מיט אַלע זיינע ביכער און „פּרעפּאַראַטען". און ביכער מיט פּרעפּאַראַטען האָט ער געהאַט אַפֿולע, ווייל ער איז געװעזען אַ געלעהרטער מענש... „אַ איבערגאַטירליכער משוּדאַק", ווי די שכנים פֿלעגען זאָגען. זיי האָבען איהם זאָגאַר געהאַלטען פֿאַר אַ מכשף' אפֿילו אַ צו־נעמעניש האָט מען איהם געגעבען „אינסעקטען קוקער". ער האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט כעמיע, מינעראַלאָגיע, ענטאָמאָלאָגיע' באָטאַניק און מעדיצין; ער האָט געהיילט פֿריווויליג קראַנקע מיט

גראָזען און מעטאַל-פּראָשקעס וואָס ער אַליין האָט ערפונדען לויט פאַראַצעלסעס מעטאָדע. מיט די זעלבע פּראָשקעס האָט ער אַריין געטריבען אין קבר זיין יונגע, שעהנע, נאָך צו-ערדעלע פרוי, וועל-כע ער האָט ליידענשאַפטליך געליעבט און פון וועלכער ער האָט גע-האַט זיין איין-איינציגען זוהן. מיט די זעלבע מעטאַל-פּראָשקעס האָט ער אויך אַ היבשע ביסעל געשעדיגט דעם געזונד פון זיין זוהן, וועל-כען ער האָט געוואָלט קרעפטיגען, איינגעפּינענדיג אין זיין קערפּער אַ בלוט-אָרעמקייט און אַ נייגונג צו שווינדזוכט, וואָס איז איהם גע-קומען בירושה פון דער מוטער. דעם נאָמען „מכשף" האָט ער, אגב, בעקומען דערפאַר, ווייל ער אַליין האָט זיך גערעכענט פאַר אַן אור-אייניקעל — נאַטירליך, ניט פון דור צו דור — פון דעם בעריהמ-טען בריוס, נאָך וועלכען ער האָט טאַקי אַ נאָמען געגעבען זיין זוהן — יאַקאָוו. אַ מענש איז ער געווען, וואָס מען רופט, „אַ וואוילער" נאָר אַ כאַראַקטער האָט ער געהאַט אַ מעלאַנכאָלישען, אַ לאַנגזאַמער, אַ שרעקעדיגער, איז ער געווען געניינגט צו אַלעם וואָס איז געהיימ-ניספאָל, מיסטיש... אַ האַלב פערשטיקטער: — אַה! איז געווען זיין שטענדיגער אויסרוף; ער איז אויך געשטאָרבען מיט דעם זעלבען אויסרוף, — צוויי יאָהר נאָך דעם, ווי זיי זענען אַריבער געפאָהרען אין מאָסקוואַ.

זיין זוהן, יאַקאָוו, איז מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן ניט גע-ווען עהנליך צום פאָטער, וועלכער איז געווען ניט שעהן, אונגעשיקט און אָפּגעלאָזען; ער איז ג׳בער געווען עהנליך צו זיין מוטער. די זעלבע ערדעלע, אַנגענעהמע געזיכטס-שטריכען, די זעלבע ווייכע אַש-פאַרביגע האָר, דער זעלבער קליינער איבערגעבויגענער נעזעל, די זעלבע בולט׳ע קינדערשע ליפּען — און גרויסע, גרין-גראָהע אויגען פערצויגען מיט געדיכטע האָריגע ברעמען. דערפאַר איז ער מיט זיין כאַראַקטער געווען עהנליך צום פאָטער; — און זיין ניט עהנ-ליכע צו׳ם פאָטער׳ס געזיכט האָט געהאַט אויף זיך דעם פאָטער׳ס אויסדריק — אי העגד האָט ער געהאַט מאָגערע, אי אַ ברוסט אַנ׳ איינגעפאַלענע, אַזוי ווי דער אַלטער אַראַטאוו, וועלכען, מען האָט, אייגענטליך, קוים געקענט אנרופען אַלטער, ווייל ער האָט אפילו קיין פופציג יאָהר ניט דערצוויגען. נאָך ביים פאָטער׳ס לעבען איז

יאַקאָוו אַריינגעטראָטען אין אוניווערזיטעט אויפֿ'ן פֿהיזיש־מאַטעמאַ־טישען פֿאַקולטעט; זיין שטודיום האָט ער אָבער ניט געענדיגט — ניט מחמת פֿוילקייט, נאָר דערפֿאַר, ווייל לויט זיין מיינונג, קען מען אין אוניווערזיטעט ניט מעהר זיך אויסלערנען ווי אין דערהיים; און וועגען אַ דיפּלאָם האָט ער זיך ניט געיאָגט, ווייל ער האָט זיך ניט געקליבען צו פֿערנעהמען וועלכען ס'איז אַמט. ער האָט אויסגעווייכט זיינע חברים, כמעט מיט קיינעם זיך ניט בעקאַנט געמאַכט; בעזונ־דערס ווייט האָט ער זיך געהאַלטען פֿון פֿרויען, און האָט געלעבט גאַנץ איינזאַם, איינגעגריבעלט אין די ביכער. ער האָט זיך געהאַל־טען ווייט פֿון פֿרויען, חאָטש ער האָט געהאַט זעהר אַ פֿיהלענדע האַרץ און איז געווען בעצויבערט פֿון אַלעס וואָס איז שעהן... ער האָט זיך זאָגאַר פֿערשאַפֿט אַנ'ענגלישען אַלבום — און (אָה, שאַנדע!) ער האָט געקליבען נחת פֿון די „בעציהרענדע" בילדער פֿון געוויסע באַלעט־טענצעריג'ס... נאָר איהם האָט שטענדיג צוריקגעהאַלטען זיין איינ־געבוירענע צניעות. אין שטוב האָט ער איממער פֿערוואוינט דעם פֿאָטער'ס קאַבינעט, וועלכער איז אויך געווען זיין שלאָף־צימער; און די בעט איז געווען די זעלבע אויף וועלכע זיין פֿאָטער איז געשטאָרבען.

אַ גרויסע אונטערשטיצונג אין זיין לעבען, אַ אונפֿערביטענדער חבר און פֿריינד, איז איהם געווען זיין מוהמע, די פֿלאַטאַשאַ, מיט וועלכער ער האָט קוים אויסגערעדט צעהן ווערטער דורכ'ן טאָג, נאָר אָהן וועלכער ער וואָלט ניט געקאָנט מאַכען קיין טראָט. דאָס איז געווען אַ בעשעפֿעניש מיט אַ לאַנגע געזיכט, מיט לאַנגע ציין, מיט בלאַסע אויגען אויף אַ בלאַס פּנים מיט אַ שטענדיגען אויס־דרוק פֿון טרויער, אָדער זאָרגענדען שרעק. תמיד גראָה געקליידט, מיט אַ גראָהע טוך, פֿון וועלכער עס האָט זיך געהערט אַ קאַמפֿפֿער גערוך, האָט זי אַרומגעוואַנדעלט איבער'ן שטוב, ווי אַ שאָטען, מיט שטילע, פֿאַמעליבע טריט; זי האָט געזיפֿצט, געזאָגט תפילות — בעזונדערס איינע אַ בעליעבטע, וועלכע איז נאָר בעשטאַנען פֿון די צוויי ווערטער: „העלף, גאָט!" — און האָט זעהר טהעטיג געפֿיהרט דאָס הויז־ווירטשאַפֿט, געהיט יעדע קאָפּיקע, און אַליץ איינגעקויפֿט אַליין. דעם פּלימיעניק האָט זי פֿערגעטערט; שטענדיג געזאָרגט פֿאַר

זיין געזונד — פֿאַר אַלעס מורא געהאַט — ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר איהם — און, ווי נאָר איהר פֿלעגט זיך עפּעס דאַכטען, פֿלעגט זי באַלד אין דער שטיל צוגעהן צו זיין שרייב־טיש און אַוועקשטעלען איהם אויפֿ׳ן טיש אַ גלאָז ברוסט־טהעע, אָדער אַ גלעט טאָהן איהם איבער׳ן פּלייצע מיט איהרע ווייכע הענד, אַזוי ווי וואַטע. איהר צערטליכקייט איז יאַקאָוו׳ן ניט געווען צו לאַסט, — דעם ברוסט־טהעע האָט ער פֿונדעסטוועגען, ניט געטרונקען — און האָט נאָר אַ נייג געטאָהן מיט׳ן קאָפּ אַלס צייכען פֿון צושטימונג. איבריגענס, מיט׳ן געזונד האָט ער זיך אויך ניט געהאַט וואָס צו בעריהמען. ער איז געווען זעהר עמפּפֿינדליך, נערוועז, איינבילדענד, און האָט געליטען פֿון האַרץ קלאַפּעניש, אַמאָהל פֿון קורצען אָטהעם; אַזוי ווי דער פֿאָטער האָט ער אויך געגלויבט, אַז ס׳איז דאָ אין דער נאַטור און אין דעם מענשענ׳ס נשמה פֿיעלע סודות, וועלכע מען קען אַמאָהל פֿאָראויס זעהן, אָבער קיין מאָהל ניט בעגרייפֿען; ער האָט געגלויבט אין דער אַנוועזענהייט פֿון געוויסע כחות און גייס־טער אַמאָהל גוטע, נאָר אָפֿטער — שלעכטע... און האָט אויך געגלויבט אין דער וויסענשאַפֿט, אין איהר ווערטה און וויכטיגקייט. די לעצטע צייט האָט ער זיך ליידענשאַפֿטליך איבערגעגעבען צו פֿאָטאָגראַפֿיע. דער ריח פֿון די אַלע מאַטעריאַלען, וועלכע ער האָט בענוצט צו דער אַרבייט האָט שטאַרק בעאונרוהיגט די אַלטע מוה־מען — ווידער אַמאָהל טאַקע ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר יאַש׳ען, פֿאַר זיין האַרץ; נאָר ביי זיין גאַנצער ווייכקייט פֿון נאַטור, האָט ער אין זיך געהאַט ניט ווייניג עקשנות — און ער האָט דורכאויס פֿאָרט־געזעצט זיין בעליעבטע אַרבייט. פּלאַטאָנידאַ האָט זיך אונטערגעגעבען, און האָט נאָך מעהר ווי פֿריהער געזיפֿצט און געשעפּטשעט: „העלף, גאָט!״ קוקענדיג אויף זיינע פֿינגער, וואָס זענען געווען גע־פֿאַרבט פֿון יאָדע.

יאַקאָוו, ווי געזאָגט, האָט זיך געהאַלטען ווייט פֿון חברים; דאָך מיט איינעם פֿון זיי איז ער זיך צונויפֿגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט און האָט זיך מיט איהם אָפֿט געזעהן, אפילו נאָכדעם, ווי דער חבר האָט געענדיגט דעם אוניווערזיטעט, און האָט פֿערנומען אַ שטעלע, ניט זעהר קיין פֿעראַנטוואָרטליכע: ער האָט, אַזוי ווי ער זאָגט, זיך

„צוגעשאַרט" צו דער געבײדע פֿון דער ערלויזער-קירכע, ניט האָבענדיג, נאַטירליך, די מינדעסטע ידיעה אין אַרכיטעקטור. און אַ מאָדנע זאַך: אָט דער איינציגער פֿרײנד אַראַטאָוו'ס, קופּפֿער, אַ דײטש וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק רוסיפֿיצירט, דאָס ער האָט שוין קיין וואָרט דײטש ניט געקענט, און דער עצם „דײטש" איז ביי איהם געווען אַ בעליידיגונגס-אויסדריק, — דיעזער פֿרײנד האָט מיט איהם, דאַכט זיך, ניט געהאַט קיין שום געמיינשאַפֿטליכעס. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ-געקרויזטער, רויטער יונג, אַ פֿרעהליכער, אַ ריידעוודיגער, און אַ גרויסער ליעבהאָבער פֿון דער זעלבער פֿרויען-געזעלשאַפֿט, וועלכע אַראַטאָוו האָט אַזוי שטאַרק אויסגעוויכט. אמת, קופּפֿער האָט אָפֿט צוגעביסען ביי איהם, געמיטאָגט — און, אַלס מענש ניט קיין רייכער, אפילו געבאָרגט פֿון איהם קליין-געלד; נאָר ניט דאָס זענען די אורזאַכען וואָס האָבען געצוואונגען דעם צולאָזענעם „דײטש'ל" צו בעזוכען נאָכאַנאַנד דאָס קליינע שטיבעל אויף שאַבאַלאָווקע. די גייסטיגע ריינקייט, דער „אידעאַליזם" יאַקאָוו'ס, האָט איהם געצויגען, מעגליך, אַלס געגענזאַץ דערפֿון, וואָס ער האָט יעדען טאָג געזעהן און בעגעגענט; — אָדער, אפשר, אין דעם גופא, וואָס האָט איהם געצויגען צו „אידעאַלען" האָט זיך דאָך אַרויסגעצייגט זיין גערמאַנישע בלוט. און יאַקאָוו'ן איז געפֿעלען געווען קופּפֿער'ס גוטמוטהיגע אָפֿענהערציגקייט; און אחוץ דעם — זיינע ערצעהלונגען וועגען טעאַטער, קאָנצערטען, בעללער, פֿון וועלכע ער איז געווען אַ שטענדיגער בעזוכער, — אין אַלגעמיין, וועגען דיעזער פֿרעמדער וועלט, וואוהין יאַקאָוו האָט ניט געוואַגט אַריינצודרינגען — האָט אין דער שטיל אינטערעסירט און זאָגאַר אויפֿגערעגט דעם יונגען פרוש, ניט ערוועקענדיג אין איהם פֿונדעסטוועגען קיין חשק, צו בעקענען זיך מיט אַלעם אַליין. אויך פּלאַטאָשאַ האָט זיך גוט פֿערהאַלטען צו קופּפֿער'ן; אמת, זי האָט אין איהם בעמערקט צופֿיעל פּראָסטקייט, נאָר פֿיהלענדיג אַז ער איז מיט אַנ'אמת צוגעבונדען צו איהר טייערן יאַשע'ן, האָט זי ניט נאָר געדולדעט דעם טומעלדיגען גאַסט, נאָר זי האָט איהם זעהר גערן אויפֿגענומען.

## II.

אין דער צייט פֿון וועלכער מיר רעדען, האָט געוואוינט אין מאָסקוואַ אַנ'אַלמנה, אַ גרוזינישע פֿירשטין, — אַ אונבעשטימטע, כמעט פֿערדעכטליכע פערזענליכקייט. איהרע יאָהרען זענען געווען אונטער פֿערציג, און אין דער יוגענד, קאָנטיג, האָט זי געבליהט מיט יענע בעזונדערע מזרחי'שע שעהנהייט, וואָס פֿערוועלקט זעהר גיך; איצט האָט זי זיך געפּודערט, געקרויזעלט און געפֿאַרבט איהרע האָר אויף געל. וועגען איהר האָבען זיך אַרומגעטראָגען ניט זעהר קיין שעהנע און ניט גאָר קיין קלאָהרע קלאַנגען; איהר מאַן האָט קיינער ניט געקאָנט—און אין קיין שטאָדט איז זי אויף לאַנג ניט פֿערבליבען. קיין קינדער און קיין רייכטהום האָט זי ניט גע־האַט; און געלעבט האָט זי פֿריי — אויף חוב, אָדער אַנדערש; זי האָט אויפֿגעהאַלטען, ווי מען זאָגט, אַ סאַלאָן און האָט אויפֿגע-נומען ביי זיך אַ גאַנץ פֿערשיעדענאַרטיגע געזעלשאַפֿט — מעהר־סטענטהייל יונגע לייט. אַלץ אין איהר הויז, אָנהויבענדיג פֿון איהר טואַלעט, שטוב-זאַכען און טיש — און ענדיגענדיג מיט איהר אויספֿאָהר און דינערשאַפֿט — האָט אויף זיך געטראָגען אַ שטעמ-פּעל פֿון פראָסטקייט; עפּעס אַזוי ווי נאָכגעמאַכט, און נאָר אויף אַ ווײַלע... נאָר די פֿירשטין זעלבסט, האָבען, קאָנ-טיג, קיין בעסערס ניט פֿערלאַנגט. די פֿירשטין האָט גע'שם'ט פֿאַר אַ ליעבהאָבערין פֿון מוזיק און ליטעראַטור, פֿאַר אַ בעשיצערין פֿון קונסט און קינסטלער; און זי האָט זיך טאַקע באמת אינטערע־סירט מיט די „פֿראַגען" — ביז צום בעגייסטערונג — און די בעגייסטערונג איז געווען ניט אינגאַנצען קיין געמאַכטע. איין

עסטעטיש אָדער'ל האָט ביי איהר געווים ערגיץ געקלאַפּט, דערצו איז
זי געווען זעהר אַ איינפאַכע, ליעבליכע, האָט זיך ניט געבלאָזען
און ניט געקרימט דעם פּנים — און, וואָס ניט אַלע האָבען אין
איהר חושד געווען — פֿון דער נאַטור זעהר אַ גוטע, ווייכהערציגע
און געלאַסענע... מעלות זעלטענע — און בעזונדערס טייערע —
ביי אַזעלכע פּערזאָנען ! — „אַ פּוסטע פֿרויענצימער !" האָט זיך
ווענען איהר אויסגעדריקט איינער אַ וויטצלינג — „און גן-עדן וועט
זי האָבען ! ווייל : זי איז אַלץ מוחל — וועט מען איהר אַלץ מוחל
זיין !" ווענען איהר האָט מען אויך דערצעהלט, אַז ווען זי
פֿערלאָזט וועלכע ס'איז שטאָדט — לאָזט זי נאָך זיך איבער אַזוי
פֿיעל בעלי־חובות, וויפֿיעל מענשען ס'זענען דורך איהר געהאָלפֿען
געוואָרען, אַ ווייך האַרץ, וואוהין דו ווילסט בייגט זיך.

קופּפֿער, ווי ס'פֿערשטעהט זיך, האָט אָנגעהויבען דאָרט אַריין
צו געהן — און האָט זיך מיט איהר גאַנץ נאָהענט בעפֿריינדעט...
בייזע צינגער האָבען גערעדט : צו נאָהענט. ער אַליין האָט ווענען
איהר תמיד גערעדט ניט נאָר פֿריינדליך, נאָר אויך מיט אַכטונג ;
געריהמט זי אַלס גאָלדענע פֿרוי — וואָס מען זאָל דאָרט ווענען
איהר ניט זאָגען ! — און האָט ערענסט געגלויבט אין איהר ליעבע
צו קונסט, און אין איהר פֿאַרשטעהן קונסט ! — און איינמאָהל
אַזוי, אין אַ נאָכמיטאָג, ביי אַראַטאָוו'ן, פֿאַנאַנדער רעדענדיג זיך
ווענען דער פֿירשטין און איהרע בעללער, האָט ער אָנגעהויבען
איינרעדען יאַקאָוו'ן, אַז ער זאָל כאָטש איין מאָהל ברעכען זיין
פֿערשלאָסענעם לעבען, און זאָל איהם, קופּפֿערן, ערלויבען פֿאָרצו־
שטעלען איהם פֿאַר זיין פֿריינדין. יאַקאָוו האָט צוערשט אפילו ניט
געוואָלט הערען דערפֿון. — וואָס מיינסטו ? — האָט אויסגעשריהען
קופּפֿער : — פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿאָרשטעלען רעדט מען ? פּשוט,
איך וועל דיך נעהמען אָט אַזוי ווי דו זיצסט, אין ראָק, און וועל
דיך אַוועק פֿיהרען צו איהר אויף אַן אָווענד. קיינע בעזונדערע
עטיקעטע, ברודער, איז דאָרט ניטאָ ! דו ביזט אי אַ געלעהרטער,
אי ליטעראַטור האָסטו ליעב, אי מוזיק (ביי אַראַטאָוו'ן אין צימער
איז ווירקליך געשטאַנען אַ קלאַוויר אויף וועלכען ער האָט ווען-ניט-
ווען גענומען נידעריגע אַקאָרדען), און ביי איהר אין הויז קענסטו

פֿון די זאַכען אַלעם געפֿינען!... און מענשען ווערסטו דאָרט טרעפֿען סימפּאַטישע, ניט קיין אָנגעבלאָזענע! און, אַם־ענדע, קאָן מען דאָך ניט אין דיינע יאָהרען מיט דיין אויסזעהן (אַראַטאָוו האָט אַראָפּגעלאָזען די אויגען און אַ מאַך געטאָהן מיט׳ן האַנד) — יאָ, יאָ, מיט דיין אויסזעהן, אַזוי אויסמיידען געזעלשאַפֿט! איך פֿיהר דאָך דיך ניט צו קיין גענעראַלען!... איבעריגענס, איך אַליין קאָן ניט קיין גענעראַלען!... זיי ניט איינגעשפּאַרט, מיין ליעבער! צניעות איז זעהר אַ גוטע, אַ וואוילע זאַך... נאָר צו וואָס זאָל מען זיך אַריינלאָזען אין אַסקעטיזם? דו קלייבסט זיך דאָך ניט צו ווערען אַ מאָנאַך!

אַראַטאָוו האָט זיך נאָך געפּרובט, פֿונדעסטוועגען, האַלטען ביי דאָס זייניגע; נאָר אונערוואַרטעט איז קופּפֿערן צו הילף געקומען פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ. כאָטש זי האָט ניט גוט פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ וואָרט דאָס איז: אַסקעטיזם? דאָך, האָט זי אויך איינגעפֿונען, אַז יאַשענקע׳ן וועט ניט שאַדען אַביסעל פֿערברענגען אין געזעלשאַפֿט, אָנקוקען מענשען, און לאָזען אויף זיך אַ קוק טאָהן.— בעזונדערס, — האָט זי צוגעגעבען: — מעג איך זיך פֿערלאָזען אויף פּיאָדר־פּיאָדריטש׳ן! אין קיין שלעכטען אָרט וועט ער דיך ניט פֿיהרען!...

— איך שטעל אייך איהם צו אַ גאַנצען צוריק! — האָט אויסגעשריהען קופּפֿער, אויף וועלכען פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ, האָט טראָטץ איהר זיכערהייט, געוואָרפֿען אונרוהיגע בליקען. אַראַטאָוו איז געוואָרען רויט ביז די אויהרען, נאָר גע׳עקשנ׳ט האָט ער זיך שוין מעהר ניט.

געענדיגט האָט זיך עס דערמיט, וואָס אויף מאָרגען האָט איהם קופּפֿער אַוועקגעפֿיהרט צו דער פֿירשטין אויפ׳ן אָווענד. נאָר אַראַטאָוו איז דאָרט לאַנג ניט פֿערבליבען. ערשטענס, האָט ער דאָרט געפֿונען אַ מאַן צוואַנציג געסט, מענער און פֿרויען, גאַנץ סימפּאַטישע אפילו, אָבער דאָך פֿרעמדע; און דאָס האָט איהם געשטערט, חאָטש רעדען מיט זיי איז איהם אויסגעקומען זעהר ניט פֿיעל: און דערפֿאַר האָט ער זיך מעהר ווי פֿאַר אַלץ געשראָקען. צווייטענס, האָט די פֿירשטין זעלבסט געמאַכט אויף איהם ניט קיין גוטען איינדרוק, חאָטש זי האָט איהם אויפֿגענומען זעהר איינפֿאַך

און צופריערען. אַלץ אין איהר איז איהם ניט געפעלען געוואָרען:
איהר געפּאַרבטע געזיכט, איהרע געקינסטעלטע האָר־קרויזען, איהר
חריפענד־זיסע שטימע, איהר פישצענדער געלעכטער, איהר אַרויפ-
קעהרען די אויגען אין דער הויך, איהרע צופיעל דעקאָלטירטע
קליידער און די פוכיגע, גלאַנציגע פינגער מיט פיעלע רינגען!...
פערקלייבענדיג זיך אין אַ ווינקעל, איז ער אָדער פערביי געלאָפען
מיט די אויגען אַלע געסט צוזאַמען, ניט אונטערשיידענדיג קיינע
בעזונדערע געזיכטער, אָדער ער האָט דורכאויס געקוקט אויף זיינע
פיס. און ווען אַ קינסטלער אַ נאַסט מיט אַ מאָגער געזיכט, מיט
לאַנגע האָר מיט אַ פערגרעסער־גלעזל אונטער'ן צוזאַמענגע-
קניטשטען ברעם, האָט זיך, ענדליך, געזעצט ביים קלאַוויר און
מיט אימפעט אַ קלאַפּ געבענדיג מיט די הענד איבער די קלאַווי-
שען און מיט'ן פוס אויפ'ן פעדאַל (טאָנען־אָנציהער) האָט ער גע-
נומען שפּילען די פאַנטאַזיע פון ליסט נאָך וואַגנער'ן, האָט שוין
אַראַטאָוו מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען און האָט זיך שטיל אָפּ-
געטראָגען מיט אַ אונבעשטימטען שווערען איינדרוק אויף דער
נשמה, דורך וועלכען עס האָט זיך דורכגעבראָכען עטוואָס אַזוינס,
וואָס איז געווען פאַר איהם זעלבסט אונפערשטענדליך, נאָר זעהר
וויכטיג און זאָגאר בעאונרוהיגענד.

# III.

אויף מאָרגען איז קופּפּער געקומען צו מיטאָג; נאָר וועגען דעם נעכטיגען אָוועגד האָט ער קיין לאַנגען געשפּרעך ניט געמאַכט, ער האָט זאָגאַר ניט אויסגערעדט אַראַטאָוו'ן פאַר זיין אַנטלויפען און האָט נאָר בעדויערט וואָס ער איז ניט פערבליבען ביז'ן אָוועגד־ברויט, ביי וועלכען מען האָט געטרונקען שאַמפּאַניער (נאָכגעמאַכ־טען, וועלען מיר בעמערקען). קופּפּער האָט אַפּנים פערשטאַנען, אַז אומזיסט איז זיין מיה צו פאַנאַנדערטרייסלען זיין פריינד, און צו אַזאַ געזעלשאַפט, צו אַזאַ אַרט לעבען איז אַראַטאָוו גאָר ניט קיין „פּאַסענדער מענש". אַראַטאָוו, פון זיין זייט, האָט אויך קיין וואָרט ניט גערעדט וועגען דער פירשטין, און וועגען דעם אָוועגד. פלאַ־טאָנידאַ איוואַנאָווגאַ האָט ניט געוואוסט, צי זי זאָל זיך פרעהען מיט'ן ערשטען דורכפאַל פון איהר פלימעניק אָדער זי זאָל עס בע־דויערען? זי איז געקומען צום בעשלוס, אַז פון אַזעלכע אָוועגדען וואָלט געווייס געליטען יאַשעס געזונד און דערמיט האָט זי זיך בע־רוהיגט. קופּפּער איז אַוועק נאָך מיטאָג און איז אַ גאַנצע וואָך מעהר ניט געקומען. ניט ווייל ער איז געוועזען אין כעס אויף אַראַטאָוו'ן וואָס איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען זיין רעקאָמענדאַציע — דער גוטער קופּפּער איז דערויף ניט פעהיג געוועזען — נאָר מסתמא האָט ער עפּעס געפונען אַן ענין, וואָס האָט פערשלונגען זיין גאַנצע צייט און אַלע זיינע געדאַנקען, ווייל אויך שפּעטער פלעגט ער בעזוכען אַראַטאָוו'ן און איז שטענדיג געוועזען צוטראָגען, וועניג גערעדט און אין דער גיך פערשוואונדען... אַראַטאָוו האָט פאָרטגעזעצט זיין לעבען ווי פריהער, נאָר עפּעס אַ מין פערטשעפּעניש, אויב מען קען זיך

אַזוי אויסדריקען, האָט זיך פֿערקליבען ביי איהם אין דער נשמה. ער האָט אַליץ עפּעס דערמאָהנט, אַליין ניט וויסענדיג וואָס, און אָט דער עפּעס האָט געהאַט אַ געוויסע שייכות צו יענעם אָוענד, וואָס ער האָט פֿערבראַכט ביי דער פֿירשטין. פֿונדעסטוועגען האָט זיך איהם ווידער אַמאָל געהן צו איהר נישט געוואָלט; און די געזעל-שאַפֿט, אַ טהייל פֿון וועלכער ער האָט געזעהן אין איהר הויז, האָט איהם איצט אָבגעשטויסען מעהר ווי אַלע מאָל. אַזוי זיינען פֿערגאַנ-גען אַ וואָכען זעקס.

און דאַן, אין אַ געוויסען פֿריה-מאָרגען איז ווידער געקומען צו איהם קופּפּער, דאָס מאָל אַביסעל געפֿאַלען ביי זיך. — איך זיים, — האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ געצוואונגענעם געלעכטער, — אַז דיר איז ניט שטאַרק געפֿעלען געוואָרען דאַמאָלסדיגער וויזיט; נאָר איך האָף, אַז דו וועסט דאָך אָננעהמען מיין פֿאָרשלאַג... דו וועסט מיר ניט אָפּזאָגען מיין ביטע!

— אין וואָס גיהט עס? — האָט געפֿרעגט אַראַטאָוו.

— פֿערשטעהסטו מיך, — האָט פֿאָרטגעזעצט קופּפּער, שוין מוטהיגער: — ס'איז דאָ אַ פֿרייוויליגע געזעלשאַפֿט פֿון קינסטלער, וועלכע אַראַנזשירט פֿון צייט צו צייט פֿאָרלעזונגען, קאָנצערטען, און אַגאַר טעאַטער-פֿאָרשטעלונגען צוליעב וואָלטהעטיגע צוועקען...

— און די פֿירשטין בעטהייליגט זיך אויך? — האָט איהם אַראַטאָוו איבערגעשלאָגען.

— די פֿירשטין בעטהייליגט זיך תמיד אין גוטע אונטערנעה-מונגען, — נאָר דאָס איז ניט וויכטיג. מיר מאַכען אַ ליטעראַריש-מוזיקאַלישען מאָרגען-באַל... און אויף דיזען מאָרגען-באַל האָסטו אַ געלעגענהייט צו הערען אַ מיידעל... אַן אויסערגעוועהנליכע! — מיר וויסען נאָך ניט בעשטימט צו וועמען מען זאָל זי פֿערגלייכען: צו ראַשעל אָדער וויאַרדאַ?... ווייל אַז זי זינגט גוט, אַז זי דעקלאַ-מירט און שפּיעלט אויסגעצייכענט... אַ טאַלאַנט, ברודער מיינער, ערשטער קלאַס! איך איבערטרייב נישט. — אַלזאָ... צי וועסטו ניט נעהמען אַ בילעט? — פֿינף רובעל, אויב די ערשטע רייהע.

— און פֿון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס וואונדערבאַרע מיי-דעל? — האָט אַראַטאָוו געפֿרעגט.

קופּפּער האָט זיך צושמייכעלט. — זעהסטו, דאָס קען איך דיר שוין ניט זאָגען... די לעצטע צייט איז זי אַלץ ביי דער פירשטין. די פירשטין, דאַרפסטו וויסען, שטיצט אימער אַזעלכע... אָבער דו האָסט זי, דאַכט זיך, געזעהן דאַמאָלס אויף'ן אָווענד.

אַראַטאָוו האָט אַ ציטער געטהאָן — אינעווייניג, שוואַך... נאָר ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

— זי האָט שוין זאָגאַר געשפּילט ערגיץ אין דער פּראָווינץ, — האָט פאָרטגעזעצט קופּפּער: — און איבערהויפּט איז זי בעשאַפען פאַר דער ביהנע. דו וועסט דאָס אַליין זעהן!

— ווי איז איהר נאָמען? — האָט אַראַטאָוו געפרעגט.

— קלאַראַ...

— קלאַראַ? — האָט אַראַטאָוו איבערגע'חזר'ט. — עס קאָן ניט זיין.

— פאַרוואָס קאָן דאָס נישט זיין? — קלאַראַ... קלאַרא מיליטש; דאָס איז ניט איהר אמת'ער נאָמען... נאָר אַזוי רופט מען זי. זי וועט זינגען גלינקאַ'ס אַ ראָמאַנס... און טשייקאָווסקי'ס עפּעס, און דערנאָך וועט זי פאָרלעזען דעם בריעף פון „יעווגעני אָנעגין". — נו, נעהמסטו אַ בילעט?

— ווען וועט דאָס זיין?

— מאָרגען... מאָרגען האַלב צוויי, אין אַ פּריוואַטען זאַל אויף אָסטאַזשענקאַ. איך וועל פאַרגעהן נאָך דיר. אַלזאָ, פאַר פינף רו־בעל... אָט... ניין — דאָס איז אַ דריי-רובעלדיגער. — אָט דיעזער. אָט האָסטו אַ פּראָגראַם אויך. איך בין איינער פון די אָנפיהרער.

אַראַטאָוו האָט זיך פערטראַכט. אין דער זעלבער מינוט איז אַריינגעגאַנגען פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ און, אַריינקוקענדיג איהם אין געזיכט, האָט זי זיך דערשראָקען. — יאַשאַ, — האָט זי אויס־געשריהען: — וואָס איז מיט דיר? פאַר וואָס ביזטו אַזוי נידער־שלאָגען? פיעדאָר פיעדאָראָוויטש, וואָס אַזוינס האָט איהר איהם געזאָגט?

נאָר אַראַטאָוו האָט ניט געלאָזען זיין פריינד ענטפערן אויף דער מוהמעס פראַגע, און שנעל צוכאַפּענדיג דעם דערלאַנגטען בי־לעט, האָט ער בעפוילען פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ'ן זי זאָל גלייך בעצאָהלען קופּפּערן פינף רובעל.

יענע האָט זיך פֿערוואונדערט, געפינטעלט מיט די אויגען...
נאָר דאָס געלד האָט זי דערלאַנגט קופּפער אָהן שום טענות. צו
שטרענג האָט אויף איהר יאַשענקע אַ געשריי געטהאָן.

— איך זאָג דיר, פּ ל א י פ ל א י ם! — האָט קופּפער אויסגע־
שריהען. און האָט זיך געלאָזט געהן צום טהיר. — ערוואַרט מיך
מאָרגען.

— זי האָט שוואַרצע אויגען? — האָט איהם שוין ביים טהיר
געפֿרעגט אַראַטאָוו.

— ווי קויהל! — האָט קופּפער פֿרעהליך אויסגעשריהען און
איז פֿערשוואונדען געוואָרען.

אַראַטאָוו איז אַוועק צו זיך אין צימער, און פּלאַטאָנידאַ אי־
וואַנאָוונאַ איז אַזוי געבליבען שטעהן אויף איהר אָרט, מורמלענדיג
נאָכאַנאַנד: „העלף, גאָט! גאָט, העלף!"

# IV.

דער גרויסער זאַאל אין דער פּריוואַט־הויז אויף אָסטאָזשענקאַ
איז שוין געווען אַ האַלבער מיט געסט, ווען אַראַטאָוו מיט קופּ־
פֿערן זענען געקומען. אין דעם זאַאל פֿלעגט מען אַמאָל שפּי-
לען טעאַטער, נאָר איצט האָט מען דאָ ניט געזעהען קיין אויס־
שטאַטונגען, ניט קיין פֿאָרהאַנגען. די אויפֿטהוער פֿון מאָרגען-באַל
האָבען זיך בענוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען אין איין עק זאַאל
איינגעאָרדענט אַ ביהנע, אַוועק געשטעלט אויף איהר אַ פּיאַנאָ, אַ
פּאָר נאָטען־טישלאַך, עטליכע שטוהלען, אַ טיש מיט אַ פֿלאַש
וואַסער און אַ גלאָז, און האָבען פֿערהאַנגען מיט אַ רויטען געוואַנט
די טהיר וועלכע האָט געפֿיהרט צום קינסטלער-צימער. אין דער
ערשטער רייהע איז שוין געזעסען די פֿירשטין אין אַ העל־גרינעם
אַנצוג; אַראַטאָוו האָט זיך געזעצט אַביסעל ווייטער פֿון איהר,
קוים-קוים בעגריסענדיג זי. דאָס פּובליקום איז געווען אַ פֿערשיע־
דענע: מעהר — שטודירענדע יונגע לייט. קופּפֿער, אַלס איינער
פֿון די אָרדנונגס-אויפֿזעהער, מיט אַ ווייסען שלייף אויפֿ'ן אַרבעל
האָט זיך אַרומגעדרעהט און געאַרבייט אויף אַלע כלים; די פֿירש-
טין האָט זיך געהאַלטען זעהר אונרוהיג; זי האָט געקוקט אומע־
דום, געשיקט שמייכלען אין אַלע זייטען, פֿערפֿיהרט געשפּרעכען
מיט די אַרומיגע... געזעסען אַרום איהר זענען בלויז מענער. דער
ערשטער אויפֿ'ן ביהנע האָט זיך בעוויזען אַ פֿלייטיסט מיט אַ
שווינדזיכטיגען פּנים און האָט זעהר אויפֿמערקזאַם דורכגעשפּיגען...
דאָס זאָל הייסען — דורכגעפּיפֿען אַ ליעד אויך עפּעס אַ שווינד־
זיכטיגע; צוויי מענשען האָבען אָנגעהויבען צו שרייען: בראַוואָ!

דערנאָך איז אַרויפֿגעגאַנגען אַ גאַנץ דיקער הערר, אין ברילען, מיט זעהר אַ סאָליד פּנים, אַ בייזער כמעט, און האָט מיט אַ באַסאָווער שטיממע פֿאָרגעלעזען אַ סקיצע פֿון שצעדרין; דער עולם האָט אַפּלאָדירט דער סקיצע, נישט איהם; דערנאָך איז געקומען אַ פּיאַניסט, וועלכען אַראַטאָוו האָט שוין פֿון פֿריהער געקענט, און האָט אָפּגעקלאַפּט די זעלבע ליסט'ס פֿאַנטאַזיע, וועלכע ער האָט געשפּיעלט פֿאָריגען מאָל; דער פּיאַניסט האָט אויסגענומען, און מען האָט איהם אַרויסגערופֿען. ער האָט זיך פֿערנייגט, אַנגעשפּאַרט די האַנד אויפֿ'ן פּאָרענטשע פֿון שטוהל, און נאָך יעדען נייג האָט ער אַ טרייסעל געטאָהן מיט די האָר, גאָר אַזוי ווי ליסט! אין אַ היבשע ווײַלע אַרום האָט זיך דאָס רויטע געוואַנט אויפֿ'ן טהיר הינטערן ביהנע בעוועגט, צושפּרייט זיך — און עס האָט זיך בעוויעזען קלאַראַ מילימש. דער זאַאַל איז פֿערהילכט געוואָרען פֿון אַפּלאָדיסמענטען. שעהמעוודיג איז זי צוגעגאַנגען צום פֿאָדערגרונד פֿון דער ביהנע, און איז אַזוי געבליבען שטעהן אונבעוועגליך, מיט צוזאַמענגעלעגטע שעהנע, גרויסע הענד אָהן האַנדשוהה, ניט צוזעצענדיג זיך, ניט אָנבויגענדיג דעם קאָפּ אויף אַ זייט און ניט שמייכלענדיג.

דאָס איז געוועזען אַ מיידעל פֿון אַ יאָהר נײַנצעהן, אַ הויכע, מיט אַביסעל צו-ברייטע שולטערן, נאָר שעהן געבויט. אַ געזיכט אַ דונקעלע, עהנליך צו אַ יודישע אָדער ציגײַנערישע, אויגען ניט קיין גרויסע, שוואַרצע, אונטער דיקע, כמעט צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען, די נאָז אַ גלײַכע, אַביסעל פֿערשפּיצט אַרויף, דינע ליפּען מיט אַ שעהנעם, זעהר שאַרפֿען אויסבייג, אַ גרויסער, שוואַרצער צאָפּ וואָס זעהט אויס שווער, זאָנאַר אויפֿ'ן קוק, אַ נידעריגער, אונבעוועגליכער שטערען, אַזוי ווי פֿון שטיין, ברעקלאַך אויערן... דאָס גאַנצע געזיכט פֿערטראַכט, כמעט בייז. אַ נאַטור אַ ליידענשאַפֿטליכע, אַ קאַפּריזנע, — און צי אַ גוטע, צי אַ קלוגע — נאָר אַ פֿעהיגע — דאָס האָט אַלעס אין איהר געזאָגט.

זי האָט אַ קורצע צייט ניט אויפֿגעהויבען די אויגען, נאָר פֿלוצלינג האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָהן און האָט דורכגעפֿיהרט פֿערביי אַלע צושויער איהר דורכדרינגענדען, צורשטרויטען, אַזוי ווי

אין זיך פֿערטיעפֿטען בליק... „ס'אַר אַ טראַגישע אויגען זי האָט!" האָט בעמערקט הינטער אַראַטאָוו'ן עפּעס אַ גראָה־האָריגער בעריהמער מיט אַ געזיכט פֿון אַ האַלב־דייטשע קאָקעטקע, אַ בעוואוסטער טהוער און טענצער איבער גאַנץ מאָסקוואַ. דער בעריהמער איז געווען אַ נאַר און האָט געוואָלט זאָגען אַ נאַרישקייט... און געזאָגט האָט ער אַן אמת! אַראַטאָוו, וועלכער האָט פֿון איהר די גאַנצע צייט די אויגען ניט אַראָפּגענומען האָט ערשט איצט דערמאָהנט, אַז ער האָט זי שוין אַ מאָל געזעהען ביי דער פֿירשטין; און ניט נאָר געזעהען, נאָר אויך בעמערקט, אַז זי האָט איהם וויפֿיעל מאָל בעזונדערס שטאַרק אָנגעקוקט מיט איהרע דונקעלע, דורכדרינגענדע אויגען. און איצט... אָדער דאָס האָט זיך איהם נאָר געדאַכט? — דערזעהענדיג איהם אין דער ערשטער רייהע האָט זי זיך אַזוי ווי דערפֿרעהט, דאַכט זיך רויט געוואָרען— און ווידער שאַרף איהם אָנגעקוקט. דערנאָך האָט זי, ניט אומקעהרענדיג זיך, צוריקגעטראָטען אַ צוויי טריט צום פּיאַנאָ, ביי וועלכער ס'איז שוין געזעסען איהר אַקאָמפּאַניאַטאָר, אַ אויסלענדער מיט לאַנגע האָר. איהר איז אויסגעקומען צו זינגען גלינקאַ'ס ראָמאַנס: „ווי נאָר איך האָב דיך דערקענט"... זי האָט גלייך גענומען זינגען, ניט ריהרענדיג די הענד און ניט אַריינקוקענדיג אין די נאָטען. איהר שטימע איז געווען קלינגענד און ווייך — אַ קאָנטראַלטאָ. — די ווערטער האָט זי אַרויסגעזאָגט דייטליך און שאַרף, געזונגען האָט זי איינאַרטיג, אָהן בעטאָנונג, אָבער שטאַרק. — „מיט געפֿיהל זינגט דאָס מיידעל", האָט וויעדער זיך אַרויסגעכאַפּט יענער, וואָס איז געזעסען הינטער אַראַטאָוו'ן, — און האָט וויעדער געזאָגט אַן אמת. — געשרייען פֿון: bis! בראַוואָ! האָבען זיך געהערט פֿון אַלע זייטען, נאָר זי האָט געוואָרפֿען אַ האַסטיגען בליק אויף אַראַטאָוו'ן, וועלכער האָט ניט געשריהען און ניט געפּאַטשט מיט די הענד (איהם איז ניט בעזונדערס שטאַרק געפֿעלען געוואָרען איהר זינגען), זי האָט זיך לייכט פֿערנייגט און אַוועקגעגאַנגען, ניט אָנגעהמענדיג דעם אויסגעשטרעקטען אָרעם פֿון דעם לאַנג־האַריגען פּיאַניסט. דאָס פּובליקום האָט זי אַרויסגערופֿען... נאָר זי איז ניט באַלד אַרויסגעקומען; מיט די זעלבע אונענטשלאָסענע טריט איז זי

צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ — און זאָגענדיג אַ פּאָר ווערטער צום פּיאַניסט, וועלכען ס'איז אויסגעקומען אומצובייטען די צוגעגרייטע נאָטען אויף אַנדערע—האָט זי אָנגעהויבען טשייקאָווסקי'ס ראָמאַנס: „נאָר יענער, וואָס האָט געפּיהלט פון זעהנזוכט דעם דורשט"... דעם ראָמאַנס האָט זי געזונגען אַנדערש ווי דעם ערשטען — מיט האַלבע טענער, אַזוי ווי מיעד — און נאָר ביים לעצטען פּערז „ווער פערשטעהן, ווי איך האָב געליטען" — האָט זיך ביי איהר אַרויסגעריסען אַ קלינגענדער הייסער געשריי. די לעצטע ווערטער „און ווי איך לייד"... האָט זי כמעט ווי אַרויסגעשעפּטשעט, ביטערליך אויסציהענדיג דעם לעצטען וואָרט. דיעזער ראָמאַנס האָט ניט געמאַכט אַזאַ איינדרוק אויף'ן פּובליקום ווי גלינקאַ'ס, נאָר אַפּלאָדירט האָט מען פיעל... בעזונדערס האָט זיך אין דעם אויסגעצייכענט קופּפער: צונויפּלעגענדיג די הענד ביי יעדען פּאַטש אַנדערש ווי אַלע, אַזוי ווי אַ פּעסיל, האָט יעדער פּאַטש אָבגעקלונגען זעהר הילכיג. די פירשטין האָט איהם דערלאַנגט אַ גרויסען, צולאָזענעם בוקעט, ער זאָל דאָס איבערגעבען דער זינגערין; נאָר זי האָט אַזוי ווי ניט בע-מערקט קופּפער'ס איינגעבויגענעם קערפּער, זיין האַנד, וועלכע איז געווען צו איהר אויסגעצויגען מיט'ן בוקעט, זי האָט זיך אומגעקעהרט און אַוועקגעגאַנגען, ווידער אַמאָל ניט דערוואַרטענדיג דעם פּיאַניסט, וועלכער איז נאָך פלינקער ווי פריהער אויפגעשפּרונגען צו בעגלייטען זי — און, בלייבענדיג אַזוי ביי גאָרנישט, האָט ער אַזאַ טרייסעל געטאָהן מיט די האָר, אַז ליסט אַליין האָט, וואַהרשיינליך, נאָך קיינמאָל אַזאַ טרייסעל ניט געגעבען!

די גאַנצע צייט פון זינגען האָט אַראַטאָוו בעטראַכט קלאַראַ'ס געזיכט, איהם האָט זיך געדאַכט, אז איהרע אויגען דורך די האַלב פערמאַכטע ברעמען קוקען ווידער אויף איהם; נאָר בעזונדערס האָט איהם געוואונדערט די אונבעוועגליכקייט פון איהר געזיכט, פון'ם שטערן, ברעמען — און נאָר ביי איהר לעצטען ליידענשאַפטליכען אויסגעשריי האָט ער בעמערקט, ווי דורך איהרע עטוואָס פאַרנאַנדערגעעפענטע ליפּען האָט וואַרעם אַ שיין געטהאָן אַ שורה געדיכט געזעצטע צייהנער. קופּפער איז צו איהם צוגעגאַנגען.

— נו, ווי געפעלט דיר, ברודער ? — האָט קופּפער געפרעגט, אינגאַנצען שטראַהלענדיג פאַר שמחה.

— אַ גוטע שטימע, — האָט אַראַטאָוו געענטפערט : — נאָר זינגען קאָן זי נאָך ניט, ס'פעהלט ביי איהר אַ ריכטיגע שוהלע. (פאַרוואָס ער האָט דאָס געזאָגט און וואָס פאַר אַ בעגריף ער זעלבסט האָט געהאַט וועגען „שוהלע" — ווייס איין גאָט !)

קופּפער האָט זיך פערוואונדערט. ס'פעהלט ביי איהר שוהלע, — האָט ער איבערגעחזר'ט אַביסעל פאַרנאַנדערציהענדיג... — נו, דאָס... דאָס קאָן זי נאָך לערנען. אָבער וואָס פאַר אַ נשמה ! אָט וואַרט : דו וועסט זי נאָך עפּעס הערען.

ער איז ערגעץ אַוועקגעלאָפען פון אַראַטאָוו'ן — און דער האָט געטראַכט : „נשמה ! מיט אַזאַ אונבעוועגליכע געזיכט !" ער האָט איינגעפונען, אַז איהר האַלטען זיך און בעוועגען זיך איז אַזוי ווי פון אַ מאַגנעטיזירטע, אַזוי ווי אַ נאַכט-וואַנדלערין. — און דאָך איז גאָר קיין צווייפעל ניט... יאָ ! קיין צווייפעל, אַז זי קוקט אויף איהם.

דער „מאָרגען-באַל" איז זיך דערווייל אָנגעגאַנגען. דער דיקער מאַן אין ברילען איז ווידער אַמאָל ערשיענען ; ניט קוקענדיג אויף זיין ערענסטען אויסזעהן, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַלס קאָמיקער — און האָט פאָרגעלעזען עפּעס פון גאָגאָל, ניט אַרויסרופענדיג דאָס מאָל ביי קיינעם קיין אַנערקענונג. עס האָט ווידער דורכגע־בליצט דער פליטיסט ; ווידער געדונערט דער פּיאַניסט ; אַ צוועלף יאָהריגער אינגעל אָן אָנגעפּודערטער און פערקעמטער, נאָך מיט צייכענס פון טרעהרען אויף די באַקען, האָט עפּעס דורכגעשפּיעלט אויף'ן פיעדעל. עס איז געווען אַביסעל אונפערשטענדליך דאָס, וואָס צווישען יעדען מאָל שפּיעלען און פאָרלעזען האָט זיך פון קינסטלער־צימער געהערט אָפּגעהאַקטע טרעללען פון אַ פּיאָל ; און דעם אינסטרומענט האָט מען אַזוי ביז'ן סוף ניט געוויזען פאַרן פּובלי־קום. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער פריוויליגער קינסטלער, וועלכער האָט זיך אַליין אַרויסגערופען צו שפּיעלען אויף איהם, האָט ביים סאַמען אַרויסטרעט פערלאָרען דעם קוראַזש. נאָר אָט איז, ענדליך, ווידער אַרויס קלאַראַ מיליטש.

זי האָט געהאַלטען אין האַנד אַ באַנד פּושקינ'ס ; נאָר ביים

דעקלאַמירען האָט זי אין איהם קיין איינציגען מאָל ניט אַריינגעקוקט... מען האָט געזעהען, אַז זי שרעקט זיך; דאָס קליין ביכעלע האָט געציטערט צווישען איהרע פינגער. אַראַטאָוו האָט בעמערקט דעם אויסדרוק פון צער, וואָס איז איצט געלעגען אויסגעגאָסען אויף אַלע איהרע ערענסטע געזיכטס-שטריכען. דעם ערשטען פערז: „איך שרייב צו אייך... דאַרף מען דען מעהר?" האָט זי אויסגערעדט זעהר איינפאַך, כמעט נאַאיוו — און מיט אַן אומשולדיגע, אמת'דיגע, הילפלאָזע בעוועגונג האָט זי אויסגעשטרעקט ביידע הענד פאָראויס. דערנאָך האָט זי גענומען אַביסעל איילען; נאָר שוין אָנהויבענדיג פון די פערזען: „אַן אַנדערער! אָה, ניין! קיינעם אויף דער וועלט וואָלט איך מיין האַרץ נישט געגעבען!" — האָט זי זיך בעהערשט, לעבהאַפטער געוואָרען — און ווען זי איז געקומען צו די ווערטער: „מיין גאַנץ לעבען איז געוועזען אַ צייכען פון טרייהייט צו דיר". — האָט איהר שטימע, וועלכע איז פריהער געוועזען דומפף, געקלונגען בעגייסטערט און דרייסט — און איהרע אויגען האָבען זיך אויך אַזוי דרייסט און שטאָלץ איינגעגעסען אין אַראַטאָוו'ן. מיט דער זעלבער בעגייסטערונג האָט זי פאָרטגעזעצט ווייטער — און נאָר ביים סוף איז איהר שטימע ווידער שוואַך געוואָרען — און אין איהר קול, און אין איהר געזיכט האָט זיך אָבגעשפיגעלט דער פריהעריגער צער. די לעצטע פאָר שורות האָט זי אין גאַנצען, אַזוי ווי מען זאָגט, אַראָפגעשלונגען, — דאָס ביכעל האָט זיך אַרויסגעגלימשט פון איהרע הענד — און זי איז שנעל אַוועק.

דאָס פובליקום האָט גענומען פערצווייפעלט אַפּלאָדירען, אַרויסרופען... איין סעמינאַריסט פון דרום-רוסלאַנד האָט אַזוי שטאַרק געשריהען: „מילאיטש! מילאיטש! אַז זיין שכן איז אויסגעקומען אויפ'ן ערעלען אופן בעטען איהם, אַז: „ער זאָל רחמנות האָבען אויף דעם צוקינפטיגען קירכען-זינגער, וואָס דאַרף פון איהם אַרויסקומען!" נאָר אַראַטאָוו האָט זיך גלייך אויפגעהויבען און איז געגאַנגען צום טהיר. קופפער האָט איהם דעריאָגט...— ערבאַרעם זיך, וואוהין לויפסטו? — האָט ער איהם בעטענדיג געפרעגט: — דו ווילסט, וועל איך דיך פאָרשטעלען פאַר קלאַראַ'ן? —ניין, אידראַנק, — האָט אַראַטאָוו האַסטיג געענטפערט, און האָט זיך כמעט לויפענדיג אַוועקגעלאָזען אַהיים.

## V.

מערקווירדיגע, איהם אַליין אונקלאָהרבאַרע געפיהלען, האָבען איהם בעאונרוהיגט. אין עצם איז איהם קלאַראַ'ס דעקלאַמירען אויך ניט אַזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען... חאָטש ער האָטזיך ניט געקאָנט אָבגעבען קיין חשבון: פאַר וואָס? איהר דעקלאַמי־רען האָט איהם בעאונרוהיגט; איהר לעזען האָט זיך איהם אויס־געוויזען שניידענד האַרט, אונ'האַרמאָניש... דאָס האָט אין איהם וואָס צושטערט, דאָס איז געווען עפּעס אַ מין געוואַלדטהאַט איבער איהם. און אָט די דורכדרינגענדע, צושטעהענדע, כמעט בינדענדע בליקען — צו וואָס זענען זיי? וואָס בעדייטען זיי?

אַראַטאָוו'ס בעשיידענהייט האָט אפילו אויף אַ מינוט ניט צו־געלאָזען אין זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט געקאָנט געפעללען ווערען אָט דיעזען מאָדנעם מיידעל, און ערוועקען אינ'ם מיידעל אַ געפיהל וואָס זאָל זיין עהנליך צו ליעבע, צו ליידענשאַפט!... און ער אַליין האָט זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט אַזוי יענע אונבעקאַנטע פרוי, יענעם מיידעל, וועמען ער וועט זיך אין גאַנצען אָבגעבען, וועלכע וועט איהם אויך ליעבען און ווערען זיין כלה, זיין פרוי... ער האָט זעל־טען געטראַכט וועגען דעם: ער איז מיט זיין גאַנצען גוף און נשמה געווען אונשולדיג; — נאָר דאָס ריינע בילד וואָס האָט זיך דאַמאָלס פאָרגעשטעלט אין זיינע געדאַנקען, איז געווען גענומען פון אַנ'אַנדער בילד, פונ'ם בילד פון זיין פערשטאָרבענער מוטער, וועלכע ער האָט נאָך קוים געקענט עראינערן, נאָר דאָס בילד האָט ער געהיט ווי אַ הייליגטום. דאָס בילד איז געווען געשריעבען פון אַ בעפריינ־דעטע שכנה גאַנץ איינפאַך, מיט וואַסער־פאַרבען, נאָר זיין עהנליכ־

קיים, האָבען אַלע געזאָגט איז צו בעוואונדערן. אַזאַ צאַרטען פּראָפיל, אַזעלכע גוטע, העלע אויגען, אַזעלכע זיידענע האָר, אַזאַ שמייכעל, אַזאַ קלאָהרען געזיכטס-אויסדריק האָט געדאַרפט בעזיצען יענע פרוי, יענע מיידעל, וועלכע ער האָט נאָך ניט געוואָגט צו ערוואַרטען.

און דיזע שוואַרצע, דונקעלע געזיכט, מיט גראָבע האָר, מיט וואָנסעס-שפּראָצונגען אויפ'ן ליפּ, זי איז געווים ניט קיין גוטע, ניט קיין קלוגע... — „ציגיינערין" (אַראַטאָוו האָט קיין ערגערן אויסדרוק ניט געקאָנט געפינען),— וואָס געהט זי איהם אָן?

און פונדעסטוועגען האָט אַראַטאָוו בשום אופן ניט געקענט פערטרייבען פון זיינע געדאַנקען אָט די שוואַרצע ציגיינערין, — וואָס איהר זינגען, פּאָרלעזען און גאַנצער אויסזעהן האָט איהם ניט אָנגעהויבען צו געפעללען. ער האָט דאָס ניט געקאָנט פערשטעהן, איז געוועזן אין כעס אויף זיך זעלבסט. מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט ער געלעזען וואַלטער סקאָט'ס אַ ראָמאַן: „סען-ראָנאנס קוואַלען" (אַלע ווערק פון וואַלטער סקאָט האָבען זיך געפונען אין זיין פאָטערס ביבליאָטהעק, וועלכער האָט געזעהן אין ענגלישען ראָמאַניסט אַנ'-ערענסטען, כמעט וויסענשאַפטליכען שרייבער). די העלדין פון דעם ראָמאַן האָט געהייסען קלאַראַ מאָבראַיי. קראַסאָוו, אַ פּאָעט פון די 40-ער יאָהרען, האָט וועגען איהר אָנגעשריבען אַ גאַנצע ליעד, וועלכע ענדיגט זיך מיט די ווערטער:

אומגליקליכע קלאַראַ! וואַהנזיניגע קלאַראַ!
אומגליקליכע קלאַראַ מאָבראַיי!

אַראַטאָוו האָט דאָס ליעד אויך געוואוסט... און איצט זענען איהם נאָכאַנאַנד געקומען אויף די געדאַנקען יענע ווערטער... „אומ-גליקליכע קלאַראַ! וואַהנזיניגע קלאַראַ!" (דעריבער האָט ער זיך אַזוי פערוואונדערט, ווען קופּפער האָט איהם דאַן אָנגערופען קלאַראַ מיליטש). אפילו פּלאַטאָשאַ האָט בעמערקט — ניט אַז יאַקאָוו'ס שטימונג זאָל זיך ענדערן — אין איהם איז אייגענטליך קיין ענדערונג ניט פּאָרגעקומען — נאָר עפּעס איז ניט אַזוי זיין קוק, זיין ריידען. זי האָט איהם פאָרזיכטיג געפרעגט וועגען דעם מאָרגען-באַל, אויף וועלכען ער איז געוועזן; — זי האָט עפּעס געשעפּטשעט, געזיפצט, בעקוקט איהם פון פאָרענט, פון די זייטען, פון הינטען — און

פלוצלונג האָט זי, אַ פּאַטש געבענדיג מיט די הענד אויף די זייטען, אויסגעשריהען: — נו, יאשא! איך זעה, וואָס דאָס איז!

— נו, וואָס? — האָט איבערגעפרעגט אַראַטאָוו.

דו האָסט דאָרט אויפ׳ן באַל מסתמא געטראָפען וועמען ס׳איז פון די עקען-שלעפּערינס (אַזוי האָט פלאַטאַנידאַ איוואַנאָוונאַ גערופען אַלע פרויען, וועלכע קליידען זיך לויט דער מאָדע)... דאָס פּנים׳ל איז ביי איהר געשמירט — און אָט אַזוי דרעהט זי זיך — און אַזוי קרימט זי זיך (פלאַטאָשאַ האָט דאָס אַלץ נאָכגעמאַכט), און אָט אַזעלכע רעדער מאַכט זי מיט די אויגען (אויך דאָס האָט זי בעוויזען מיט די פינגער צייכנענדיג גרויסע רעדער אין דער לופטען)... האָט זיך דיר, אַ ניט געוועהנטען, געדאַכט... נאָר דאָס איז גאָר נישט, יאשא... גאָ"ר ני"שט! טרינק אויס אַ גלעזעל ברוסט-טהעע צו דער נאַכט... און אַ סוף!.. גאָט, העלף!

פלאַטאָשאַ איז אַנטשוויגען געוואָרען און אַוועקגעגאַנגען... זי האָט פאַר׳ן גאַנץ לעבען אפשר קיינמאָל ניט געהאַלטען אַזאַ לאַנגע וואַרעמע רעדע... און אַראַטאָוו האָט אַ טראַכט געטאָהן: „די מוהמע איז, דאַכט זיך, גערעכט .. דאָס איז טאַקע, ווייל איך בין ניט געוועהנט צו דעם... (דאָס איז ביי איהם געווען ווירקליך דאָס ערשטע מאָל, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו ציהען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַ פרוי... יעדענפאַלס, האָט ער דאָס ביז דאַמאָלס קיינמאָל ניט באַמערקט,) און דאַרף זיך ניט נאָכגעבען.

און ער האָט זיך גענומען פאַר זיינע ביכער — און צו דער נאַכט האָט ער זיך אָנגעטרונקען מיט ברוסט-טהעע — און האָט זאָגאַר גוט געשלאָפען די נאַכט — און קיין חלומות ניט געהאַט. אויף מאָרגען האָט ער זיך ווידער גענומען פאַר זיין פאָטאָגראַפישע אַרבייט, אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט ניט פאָרגעקומען.

נאָר שוין פאַרנאַכט-צו איז זיין גייסטיגע רוהיגקייט ווידער צושטערט געוואָרען.

---

## VI.

און אָט מיט וואָס: אַ משרת האָט איהם געבראַכט אַ צעטעלע, געשריבען מיט אַ קרומען, גרויסען פֿרויען האַנדשריפֿט, מיט פֿאָלגענדען אינהאַלט:

„אויב איהר טרעפֿט ווער דאָס שרייבט אייך, און אויב ס'איז
„אייך ניט לאַנגווייליג, קומט מאָרגען, נאָכמיטאָג, אויף טווערסקי'ן
„בולוואַר — אַרום פֿינף אַ זייגער — און וואַרט. מען וועט אייך
„דאָרט ניט לאַנג אויפֿהאַלטען. נאָר עס איז זעהר וויכטיג. קומט.

קיין אונטערשריפֿט איז ניט געווען. אַראַטאָוו האָט גלייך געטראָפֿען ווער די שרייבערין איז, — און דאָס האָט איהם טאַקע פֿערדראָסען. — „וואָס פֿאַר אַן אונזינן!" האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט הויך אויפֿ'ן קול: „דאָס האָט נאָך געפֿעהלט. געוויס, וועל איך ניט געהן." — ער האָט פֿונדעסטוועגען געהייסען צוריק אַריינרופֿען דעם משרת, פֿון וועלכען ער האָט נאָר ערפֿאַהרען, אַז דעם בריעף האָט איהם איבערגעגעבען אַ הויז־מיידעל, אין גאַס. אַוועקלאָזענדיג איהם האָט אַראַטאָוו נאָך אַמאָל איבערגעלעזען דעם בריעף, און אַוועקגעוואָרפֿען איהם אויף דר'ערד... נאָר, אין אַ וויילע אַרום, האָט ער איהם צוריק אויפֿגעהויבען און ווידער געלעזען; נאָכאַמאָל האָט ער אויסגעשריהען: אונזינן! — אָבער אויף דער ערד האָט ער שוין דעם בריעף ניט געוואָרפֿען, נאָר פֿערבעהאַלטען איהם אין טיש־קעסטעל. אַראַטאָוו האָט זיך גענומען פֿאַר זיין געוועהנליכער אַרבייט, פֿאַר איין זאַך, פֿאַר אַ צווייטער, נאָר די אַרבייט האָט זיך איהם צו די הענד ניט געקלעפּט. ער האָט פּלוצלינג זיך אַליין געכאַפּט אויף דעם, אַז ער וואַרט אויף קופּפֿער'ן! צי האָט ער איהם

געוואָלט עפּעס פֿרעגען, אָדער גאָר אפשר דערצעהלען איהם... נאָר קופּפֿער איז ניט געקומען. דערנאָך האָט אַראַטאָוו גענומען פּושקי-נען, איבערגעלעזען טאַטיאַנאַ'ס בריעף און האָט זיך פֿון דאָס ניי איבערצייגט, אַז יענע „ציגיינערין" האָט גאָר ניט פֿערשטאַנען דעם ריכטיגען געדאַנק פֿון בריעף. און קופּפֿער, דער ליגנער, שרייט: ראַשעל! וויאַרדאָ! דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פּיאַנאָ, אויפֿגעהויבען מעכאַניש דעם דעקעל, און האָט זיך געפּרובט דערמאָנען אויף אוי-סענווייניג די מעלאָדיע פֿון טשייקאָווסקי'ס ראָמאַנס; נאָר אין דער זעלבער מינוט האָט ער מיט פֿערדרוס צוריק פֿערמאַכט די פּיאַנאָ, און איז אַוועק צו דער מוהמען, אין איהר בעזונדערן, אימער אָנ-געהייצטען צימער, מיט'ן אייביגען גערוך פֿון מיאַטע און אַנדערע הייל-גראָזען, און מיט אַזוי פֿיעל טעפּיכער, עלמערלאַך, בענקלאַך, קישעלאַך און אַנדערע שטוב-זאַכען, אַז אַ פֿרעמדער, ניט צוגעוועהנ-טען מענשען, איז זיך ענג אַ קעהר צו טאָהן, און שווער צו אָטהעמען. פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ איז געזעסען בײם פֿענסטער מיט די פּרענטלאַך אין די הענד (זי האָט געשטריקט פֿאַר יאַשענקען אַ שאַל, פּונקט דעם 38-טען אין לעבען). — און האָט זיך זעהר פֿער-וואונדערט. אַראַטאָוו פֿלעגט צו איהר אַריינגעהן זעלטען, און אויב ער האָט וואָס געדאַרפֿט, האָט ער יעדעס מאָל געשריהען מיט אַ דינינקע שטימע פֿון זיין קאַבינעט אַרויס: — מוהמע פּלאַטאָשאַ!

— דאָך האָט זי איהם געבעטען זיצען און, ערוואַרטענדיג זיין רע-דען, האָט זי זיך צוגעגרייט, קוקענדיג אויף איהם מיט איין אויג אונטער די קיילעכדיגע ברילען, און מיט דער אַנדער אויג — איבער זיי. זי האָט זיך ניט נאָכגעפֿרעגט וועגען זיין געזונד און האָט איהם ניט פֿאָרגעלעגט קיין טהעע, ווייל זי האָט געזעהן, אַז ניט צוליעב דעם איז ער געקומען. אַראַטאָוו האָט זיך אַביסעל געקווינקעלט... דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען... גערעדט האָט ער וועגען זיין מוטער, וועגען דעם, ווי אַזוי זי האָט געלעבט מיט'ן פֿאָטער, און ווי אַזוי דער פֿאָטער האָט זיך מיט איהר צום ערשטען מאָל בעקאַנט געמאַכט. ער האָט דאָס אַלץ געוואוסט זעהר גוט... נאָר איהם האָט זיך געוואָלט רעדען גראַדע וועגען דעם. צו זיין אומגליק איז פּלאַטאָשאַ גאָר ניט געווען קיין רעדעווידיגע; זי האָט געענטפֿערט

קורץ, אַזוי ווי זי וואָלט חושד געווען, אַז ניט צוליעב דעם איז יאַשאַ געקומען.

— וואָס הייסט! — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט האַסטיג, כמעט מיט פֿערדרוס דרעהענדיג די פּרענטלאַך: געוויס: דיין מוטער איז געווען אַ טייבעלע... אַ טייבעלע, אַזוי ווי דו זעהסט... און דיין פֿאָטער האָט זי ליעב געהאַט, ווי אַ מאַן דאַרף ליעב האָבען, טריי און עהרליך, ביז׳ן רעכטען קבר; און קיין אַנדער פֿרוי האָט ער ניט געליעבט, — האָט זי צוגעלעגט שוין אַביסעל העכער, און האָט אַראָפּגענומען די ברילען.

— און אַ שטילע איז זי געווען, מיין מוטער? — האָט געפֿרעגט אַראַטאָוו נאָך אַ ווײַלע שווייגען.

— געוויס, אַ שטילע. ווי אַ פֿרוי דאַרף זיין. די דרייסטע האָבען זיך ערשט די לעצטע צייט אָנגעהויבען צו בעווייזען.

— און אין אייערע צייטען זענען קיין דרייסטע ניט געווען?

— וואָס הייסט, ניט געווען! געווען זענען זיי אייך אין אונזע-רע צייטען... אָבער ווער? אַ ווּעלכע ס׳איז שמייערקע, אַן אונ-פֿערשעהמטע. אויפֿגעהויבען דעם עק און געלאָפֿען. וואָס אַרט איהר? וואָס פֿאַר אַ זאָרג האָט זי? ט׳זיך אונטערדרעהען אַ נאַר אַ בחור — מעהר דאַרף זי ניט... אַנשטענדיגע מענשען פֿעראַכטען אַזעלכע. אדרבה, דערמאָהן זיך, האָסטו אין אונזער הויז ווען געזעהן אַזעלכע?

אַראַטאָוו האָט גאָרנישט געענטפֿערט און האָט זיך צוריקגע-קעהרט אין זיין קאַבינעט. פּלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט איהם נאָכגעקוקט, געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, און ווידער אָנגעטהאָן איהרע ברילען, און פֿון דאָס ניי גענומען זיך פֿאַר׳ן שאַל... נאָר זי האָט זיך ניט איינמאָל פֿערטראַכט און די פּרענטלאַך זענען איהר אַראָפּ-געפֿאַלען אויף די קניה.

און אַראַטאָוו האָט ביז רעכטען נאַכט, — ניט, ניט, און דאָך געטראַכט אַלע ווײַלע מיט פֿערדרוס, מיט כעס וועגען דעם צע-טעלע, וועגען דער „ציגיינערין", וועגען דעם בעשטימטען אָרט, וואוהין ער וועט געוויס ניט געהן! אפילו ביי נאַכט האָט זי איהם ניט געלאָזען רוהען. איהם האָבען זיך נאָכאַנאַנד גע׳חלומ׳ט איהרע אויגען, אַמאָל האַלב פֿערמאַכטע, אַמאָל — ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿענטע,

מיט זייער דורכדרינגענדען, גלייך אויף איהם געוואָרפֿענעם בליק — און איהרע אונבעוועגליכע געזיכטס־ציגע מיט זייער מעכטיגען אויסדריק...

אויף מאָרגען האָט ער ווידער אַלץ געוואַרט אויף קופּפּער'ן; שיער־שיער האָט ער צו איהם א בריעף געשריבען... איבעריגענס, ער האָט גאָרנישט געטהאָן... ער איז נאָר כסדר אַרומגעגאַנגען אי־בער זיין קאַבינעט. ער האָט אויף איין רגע ניט צוגעלאָזען ביי זיך אפילו אין די געדאַנקען, אז ער וועט געהן אויף דעם נאַרישען „ראַנדע־וואו"... און האַלב פֿיער אַזייגער, נאָכדעם ווי ער האָט אין איילעניש אָפּגעהאַפּט זיין מיטאָג, האָט ער שנעל אָנגעטהאָן דעם מאַנטעל, גענומען די היטעל, און בגניבה פֿון דער מוהמען, אַרויס־געשפּרונגען אין גאַס, און גלייך אַוועק אויף'ן טווערסקי'ן בולוואַר.

## VII.

אַראַטאָוו האָט דאָרט געטראָפֿען ניט פֿיעל שפּאַצירענדע. דער וועטער איז געווען אַ פֿייכטער און גענוג קאַלטער. ער האָט זיך געסטאַרעט ניט צו טראַכטען וועגען דעם, וואָס ער האָט געטאָהן; ער האָט זיך געצוואונגען צו קוקען אויף אַלע זאַכען, וואָס זענע איהם פֿערביי געקומען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך וועלען איינשמועסען, אַז ער איז נאָר סתם אַזוי אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען, ווי די אַלע אַנדערע פֿערבייגעהער... דעם נעכטיגען בריעוועל האָט ער געהאַט ביי זיך אין בוזעם־קעשענע, און האָט איהם די גאַנצע צייט געפֿיהלט. ער איז אַ צוויי מאָל דורכגעגאַנגען דעם בולוואַר, שטאַרק איינגעקוקט זיך אין יעדע פֿרויען־פֿיגור וואָס איז איהם אַנטקעגען געקומען — און דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט, געקלאַפּט...

ער האָט דערפֿיהלט אַ מיעדקייט און האָט זיך געזעצט אויף אַ בענקיל. און פּלוצלינג איז איהם איינגעפֿאַלען אַ געדאַנק: „נו, און אויב דעם בריעף האָט ניט זי געשריבען, נאָר אַן אַנדערער, אַנ'אַנדער פֿרוי?" אייגענטליך האָט דאָס פֿאַר איהם געדאַרפֿט זיין אַלץ איינס... און פֿונדעסטוועגען, האָט ער זיך זעלבסט געמוזט מודה זיין, אַז ער וואָלט דאָס ניט וועלען. „דאָס וואָלט שוין געווען צופֿיעל נאַריש," — האָט ער געטראַכט: „נאָך נאַרישער ווי איצט!" אַ נערוועזע אונרוהיגקייט האָט איהם דורכגענומען; ער האָט אָנגעהויבען צו פֿיהלען אַ קעלט — ניט פֿון דרויסען, נאָר אַן אינערליכע. ער האָט עטליכע מאָל אַרויסגענומען זיין זייגער פֿון וועסט־קעשענע, געקוקט אויף'ן ציפֿער־בלאַט, צוריק אַריינגעלעגט איהם, און יעדען מאָל פֿערגעסען, וויפֿיעל מינוט איז נאָך פֿערבליבען ביז

פינף. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע, וועלכע געהען איהם פאַר־ביי, קוקען איהם אָן מיט אַ בעזונדער נייגעריגקייט און איראָ־נישע פערוואונדערונג. אַ שמוציגער הינטעל איז צו איהם צוגעלאָ־פען, אַרומגעשמעקט זיינע פיס און אָנגעהויבען צו דרעהען מיט'ן עק. ער האָט איהם מיט כעס אַוועק געטריבען. מעהר פון אַלע האָט איהם דערעסען אַ לערן-יונגעל אין אַ פערשמירמען פאַרטוך, וואָס האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק פון צווייטען זייט בולוואַר — און נאָכאַנאַנד פייפענדיג, אָדער קראַצענדיג זיך, האָט ער געשאָ־קעלט מיט די פיס אין זיינע גרויסע, צוריסענע שטיוועל, און האָט געהאַלטען אין איין קוקען אויף איהם. „אָט איז דיר," האָט אַראַ־טאָוו געטראַכט: „דער בעל הבית וואַרט דאָרט געוויס אויף איהם, און ער, דער פוילער, זיצט דאָ און פערלירט צייט."

נאָר אין דעמזעלבען אויגענבליק האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ווער עס איז, איז צוגעגאַנגען פון הינטען, און געבליבען שטעהן נעבען איהם... עפּעס אַ וואַרעמקייט האָט זיך געצויגען פון דאָר־טען... ער האָט זיך אַ קעהר געטאָהן — — — — זי!

ער האָט זי באַלד דערקענט, האָטש אַ דונקעל־בלאָהער שלייער האָט פערדעקט איהר געזיכט. ער איז גלייך אויפגעשפרונגען פון זיין בענקעל — און איז אַזוי געבליבען שטעהן, ניט קענענדיג אויסריידען אַ וואָרט. זי האָט אויך געשוויגען. ער האָט זיך געפיהלט אין גרויס פערלעגענהייט... נאָר איהר פערלעגענהייט איז אויך ניט קלענער געוועזן: אַראַטאָוו האָט אפילו דורכ'ן שלייער ניט געקענט ניט בעמערקען, ווי טויט בלאַס זי איז געוואָרען. דאָך האָט זי די ערשטע אָנגעהויבען צו רעדען:

— אַ דאַנק, — האָט זי געזאָגט מיט אַ ניעדערשלאָגענע שטימע: אַ דאַנק, וואָס איהר זייט געקומען. איך האָב עס ניט ער־וואַרט... — זי האָט זיך עטוואָס אָבגעקעהרט און גענומען געהן איבערן בולוואַר. אַראַטאָוו איז איהר נאָכגעגאַנגען.

— איהר האָט מיך, אפשר, שלעכט געאורטהיילט, — האָט זי פאָרטגעזעצט, ניט אומקעהרענדיג דעם קאָפּ. — ווירקליך, מיין טהאַט איז זעהר אַ מאָדנער... נאָר איך האָב וועגען אייך פיעל גע־הערט... אַך, ניין! איך... ניט צוליעב דעם... ווען איהר וואָלט

נאָר געוואוסט... איך האָב אייך געוואָלט אַזוי פֿיעל זאָגען, גאָט מיינער... אָבער ווי זאָל איך דאָס טאָהן... ווי אַזוי!

אַראַטאָוו איז געגאַנגען גלייך מיט איהר, בלייבענדיג עטוואָס פֿון הינטען. איהר געזיכט האָט ער ניט געזעהען; ער האָט נאָר געזעהן איהר הוט און אַ טהייל פֿונ'ם שלייער... און איהר לאַנגען, שוואַרצען, אָבגעטראָגענעם מאַנטעל. זיין גאַנצער פֿערדרוס אויף איהר און אויף זיך זעלבסט האָט זיך צו איהם פלוצלינג צוריקגעקערט, — די גאַנצע לעכערליכקייט, אומגעלומפערטקייט פֿון דעם צוזאַמענטרעפֿען זיך, פֿון די ערקלעהרונגען צווישען זיי, צוויי גאַנץ אומבעקאַנטע מענשען, אין אַן אָפֿענעם בולוואַר, איז פֿאַר איהם פלוצלינג אויפֿגעשטאַנען.

— איך בין געקומען אויף אייער איינלאַדונג, — האָט ער שוין אָנגעהויבען צו רעדען: איך בין געקומען, גנעדיגע פֿריילין (איהרע אַקסלען האָבען שטיל אויפֿגעציטערט—זי האָט פֿערקעהרט אין אַ זייטיגער געסיל — און ער איז איהר נאָכגעגאַנגען), נאָר אום צו ערקלעהרען, צו ערפֿאַהרען, דורך וואָס פֿאַר אַ מיספֿערשטענדניס איז אייך איינגעפֿאַלען צו ווענדען זיך צו מיר, אַ מענש וואָס איז אייך פֿרעמד, וועלבער... וועלבער האָט נאָר דעריבער געטראָפֿען — ווי איהר האָט זיך אויסגעדריקט אין אייער בריעף, — אַז דאָס האָט איהר געמוזט שרייבען... נאָר דעריבער, וייל, יענעם גאַנצען מאָרגען-באַל האָט זיך אייך געוואָלט איהם שענקען צופֿיעל... צופֿיעל אויפֿמערקזאַמקייט!

דיעזע גאַנצע רעדע האָט אַראַטאָוו אַרויסגעזאָגט — מיט יענער קלינגענדער, אָבער פֿעסטער שטימע, מיט וועלכע גאַנץ יונגע מענשען ענטפֿערן אויפֿ'ן עקזאַמען ווענען אַ פֿראַגע צו וועלכער זיי האָבען זיך גוט צוגעגרייט... ער האָט זיך גע'ברוגז'ט; גע'כעס'ט... און אָט דער כעס האָט איהם איצט פֿאַנאַנדערגעבונדען זיין, געוועהנליך, ניט פֿרייען צונג.

זי האָט פֿאָרטגעזעצט איהר געהן איבערן וועג, נאָר אַביסעל לאַנגזאַמער... אַראַטאָוו איז ווי פֿריהער איהר נאָכגעגאַנגען, און אַזוי ווי פֿריהער האָט ער נאָר געזעהען איהר אָבגעטראָגענעם מאַנטעל און איהר הוט, אויך ניט קיין גאַנץ נייע. זיין איינגעליעבע

האָט געליטען פֿון דעם געדאַנק, דאָס איצט מוז זי געווים טראַכ־טען: „איך האָב נאָר געדאַרפֿט געבען אַ צייכען — און ער איז שוין דאָ!"

אַראַטאָוו האָט געשוויגען... ער האָט געוואַרט וואָס וועט זי איהם דערויף ענטפֿערן; נאָר זי האָט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

— איך בין בערייט אייך אויסצוהערען, — האָט ער ווידער אָנגעהויבען: — און וועל זאָגאַר זעהר צופֿרידען זיין, אויב איך וועל אייך קענען מיט וואָס נוטצען ברייגגען... חאָטש, באמת גע־רעדט, וואונדערט מיך... ביי מיין איינזאַמען אַרט לעבען...

נאָר ביי זיינע לעצטע ווערטער האָט זיך קלאַראַ צו איהם פלוצלינג אַ קעהר געטאָהן — און ער האָט דערזעהען אַזאַ דער־שראָקענע, אַזאַ טיעף־טרויעריגע געזיכט, מיט אַזעלכע ליכטיגע, גרויסע טרעהרען אויף די אויגען, מיט אַזאַ ביטערליכען אויסדריק אויף די פֿאַנאַנדערגעפּעטע ליפּען — און אַזוי שעהן איז געווען דאָס געזיכט, — דאָס ער האָט זיך געגען זיין ווילען אָפּגעשטעלט, און האָט דערפֿיהלט אַזוי ווי אַ מין שרעק — און מיטלייד, און לייטזעליגקייט.

— אַך, וואַרום... וואַרום זענט איהר אַזוי...—האָט זי אַרויס־גערעדט פֿול ערענסט און אויפֿריכטיגקייט, און איהר שטימע האָט האַרץ־ריהרענד געקלונגען. — האָט דען מיין שרייבען אייך געקענט בעליידיגען? צי דען האָט איהר גאָרנישט פֿערשטאַנען?... אַך, יאָ! איהר האָט גאָרנישט פֿערשטאַנען, איהר האָט ניט פֿערשטאַנען וואָס איך האָב אייך געזאָגט... גאָט ווייס, וואָס איהר האָט געדענקט וועגען מיר, איהר האָט אפילו ניט אַ קלעהר געטאָהן, וואָס מיך האָט געקאָסט — דער אָנשרייבען צו אייך!... איהר האָט נאָר וועגען זיך געטראַכט, וועגען אייער כבוד, וועגען אייער רוהע!... האָב איך דען... (זי האָט אַזוי שטאַרק צוזאַמענגעדריקט די הענד צוטראָגענדיג זיי צו די ליפּען, דאָס עס האָט זיך דייטליך געהערט דער קנאַקען פֿון די ביינער)... פונקט ווי איך וואָלט צו אייך וועל־כע עס איז פֿאָדערונגען געשטעלט, פונקט ווי מען האָט איינגאַנצען בעדאַרפֿט די פֿריהעריגע הקדמות... „גנעדיגע פֿריילין"... „מיך וואונדערט אפילו"... „איך קאָן זיין נוטצליך"... אַך, בין איך אַ

נאַר ! איך האָב זיך גענאַרט אין אייך, אין אייער געזיכט !... ווען איך האָב אייך דערזעהען צום ערשטען מאָל... אָט... אָט שטעהט איהר... און כאָטש אַ וואָרט ! טאַקע קיין איינציג וואָרט ?...

זי האָט זיך געבעטען... איהר געזיכט האָט פּלוצלינג אויפגעפלאַמט — און אויך אַזוי פּלוצלינג האָט זי אָנגענומען אַ בייזען, העזה'דיגען אויסדרוק. — גאָט מיינער ! ווי נאַריש דאָס איז ! — האָט זי פּלוצלינג אויסגעשריהען מיט אַ שניידענדען געלעכטער.— ווי נאַריש אונזער טרעפען זיך איז ! ווי נאַריש איך בין !... און איהר אויך... פוי !

זי האָט פערראַכטענד אַ מאַך געטאָהן מיט'ן האַנד, אַזוי ווי זי וואָלט איהם אָפּגעשטויסען פון וועג, און פערביי איהם, איז זי שנעל אַרויסגעלאָפען פון בולוואַר און פערשוואונדען געוואָרען.

דער מאַך מיט'ן האַנד, דער בעליידיגענדער געלעכטער, איהרע לעצטע ווערטער, האָבען מיט אַמאָל צוריקגעקעהרט אַראַטאָוו'ן זיינע פריהעריגע געפיהלען און זיי האָבען פערשטיקט אין איהם יענעם געפיהל, וועלכער האָט געהאַט אויפגעוואַכט אין זיין נשמה, ווען זי האָט מיט טרעהרען אין די אויגען גערעדט צו איהם. ער איז ווידער געוואָרען אין כעס — און האָט כמעט נאָכגעשריהען דעם פערשוואונדענעם מיידעל : „פון אייך קאָן אַמאָל אַרויסקומען אַ גוטע אַקטריסע, — אָבער וואָרום איז אייך איינגעפאַלען צו שפּיעלען מיט מיר אַ קאָמעדיע ?"

מיט גרויסע טריט האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אַהיים, — און חאָטש דעם גאַנצען וועג האָט איהם וועה געטאָהן און פערדראָסען — דאָך, האָט זיך אין דער זעלבער צייט, דורך די אַלע בייזע און פיינדליכע געפיהלען דורכגעריסען אויך די עראינערונג וועגען יענע וואונדערבאַר שעהנע געזיכט, וועלכע ער האָט געזעהען נאָר איין אויגענבליק... ער האָט זיך זאָגאַר געשטעלט די פראַגע : „פאַר וואָס האָב איך איהר ניט געענטפערט, ווען זי האָט פון מיר געפאָדערט חאָטש אַ וואָרט ?" — „איך האָב ניט געהאַט ווען" — האָט ער געטראַכט... „זי האָט מיר ניט נעגעבען קיין צייט אַרויסצוזאָגען דעם וואָרט"... „און וואָס וואָלט איך איהר געזאָגט ?"

נאָר ער האָט גלייך אַ טרייסעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ און מיט פאָרווירפע אַרויסגערעדט: „אַקטריסע!"

און ווידער אַמאָל, אין דער זעלבער צייט, — וואָס די איי־געליעבע פון דעם אונערפאַהרענעם נערוועזען יונגען־מאַן, איז פריהער געווען בעליידיגט, איז זי איצט געווען אַזוי ווי געשמייכעלט דערמיט, וואָס אָט, פונדעסטוועגען, ס'אַר אַ שטאַרקעליידענשאַפט ער האָט ערוועקט...

„נאָר דערפאַר, איז שוין איצט", האָט ער פאָרטגעזעצט זיין טראַכטען, „אַלעס, נאַטירליך, געענדיגט... איך האָב געמוזט אויס־זעהן אין איהרע אויגען זעהר לעכערליך"...

דיעזער געדאַנק איז איהם געווען אונאַנגענעהם — און ער האָט זיך ווידער געערגערט... אי אויף איהר... אי אויף זיך. קו־מענדיג אַהיים האָט ער זיך פערשלאָסען אין זיין קאַבינעט. איהם האָט זיך ניט געוואָלט זעהען פלאַטאָשע'ן. די גוטע אַלטיטשקע איז אַפּאָר מאָל צוגעגאַנגען צו זיין טהיר — צוגעלעגט דעם אויער צום שליסעל־לאָך — און געזיפצט, און געשעפטשעט איהר תפלה...

— „עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען!" האָט זי ביי זיך גע־טראַכט... „און איהם איז נאָך קיין פינף און צוואַנציג יאָהר ניטאָ... אַך, אַזוי פריה, אַזוי פריה!"

---

## VIII

אויף מאָרגען איז אַראַטאָוו געווען דעם גאַנצען טאָג אין זעהר אַ שלעכטער שטימונג. — „וואָס איז מיט דיר, יאַשאַ ?״ — האָט איהם געפרעגט פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ : דו ביזט עפּעס היינט אַזוי צורודערט ?!״ אויף איהר אייגענאַרטיגער שפּראַך האָט דיעזער אויסדרוק גאַנץ ריכטיג איבערגעגעבען אַראַטאָוו'ס גייסטיגען צו־שטאַנד. אַרבייטען האָט ער ניט געקענט, און ער האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס ער וויל ? אָט האָט ער ווידער געוואַרט אויף קופּ־פערן (ער האָט חושד געווען, אַז דאָס האָט קלאַראַ דורך איהם בעקומען זיין אַדרעס... און ווער האָט אַחוץ קופּפערן געקענט מיט איהר „אַ פּולע רעדען״ וועגען איהם ?) ; אָט האָט ער זיך געשטעלט די פראַגע : צי דאַרף זיך טאַקע גאָר אַזוי ענדיגען זיין בעקאַנטשאַפט מיט איהר ? — אָט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זי וועט איהם ווידער אַמאָל אָנשרייבען ; אָט האָט ער זיך געפרעגט, צי דאַרף גאָר ער ניט אָנשרייבען צו איהר קיין בריעף, אין וועל־כען ער זאָל אַלעס ערקלעהרען, — ווייל סוף כל סוף ווילט זיך דאָך איהם ניט איבערלאָזען קיין שלעכטען מיינונג וועגען זיך... גאָר אייגענטליך, וואָס זאָל ער איהר ערקלעהרען ? — אָט האָט ער געפיהלט צו איהר כמעט אַנ'עקעל פאַר איהר באַנעהמונג, פאַר איהר עזות ; אָט האָט זיך איהם ווידער פאָרגעשטעלט איהר אונענדליך טרויעריגע געזיכט, און ער האָט געהערט איהר ענט־שלאָסענע שטימע ; אָט האָט ער דערמאָהנט איהר זינגען, איהר לעזען און האָט ניט געוואוסט, צי איז ער געווען אינגאַנצען גערעכט מיט זיין שלעכטען אורטהייל וועגען איהר ? — מיט איין וואָרט : אַ צורודערטער מענש ! ענדליך איז איהם דאָס אַלעס איבערדריסיג געוואָרען — און ער האָט בעשלאָסען, ווי מען זאָגט, „צו נעהמעז

אויף זיך" און „בענראָבען" די גאַנצע געשיכטע, ווייל זי האָט, אָהן צווייפעל, געשטערט זיין ארבייט און אַוועקגערויבט זיין רוה. — נים אַזוי גרינג האָט זיך איהם איינגעגעבען צו פערווירקליכען זיין בעשלוס... מעהר פון אַ וואָך צייט איז אַריבער ביז ער האָט זיך ווידער אַריינגעצויגען אין זיין געוועהנליכען לעבען. צום גליק איז קופּער אין דער צייט איינגאַנצען נים אַריינגעקומען: אַזוי ווי ער וואָלט גאָר אין מאָסקוואַ נים געווען. מיט אַ קורצע צייט פאַר דער „געשיכטע" האָט זיך אַראַטאָוו אָנגעהויבען צו לערנען מאַלעריי צוליעב פאָטאָגראַפישע צוועקען; איצט האָט ער זיך מיט אַ דאָפּעלטע ענערגיע גענומען דערצו.

אַזוי, אונבעמערקט, מיט אָפּטע, ווי דאָקטוירים דריקען זיך אויס, „ווידערהאָלונגם אָנפאַלען", וועלכע האָבען זיך אויסגעדריקט למשל אין דעם, וואָס ער איז אַמאָל שיער נים אַוועק מיט אַ וויזיט צו דער פירשטין, — זענען אריבער צוויי — דריי מאָנאַטען... און אַראַטאָוו איז געוואָרען דער זעלבער וואָס אַמאָל. נאָר דאָרט, אונטען, אונטער דער אויבערפלעכע פון זיין לעבען האָט איהם געהיימניספאָל בעגלייט עטוואָס שווערעס און פינסטערעס אין אַלע זיינע וועגען. אַזוי איז אַ גרויסער, נאָר וואָס געפאַנגענער, נאָר נאָך נים אַרויסגעצויגענער פיש; ער שווימט אַרום אונטערן וואַסער אין טייך, אונטער דער זעלבער שיפעל, אייף וועלכע עס זיצט דער פישער און האַלט איהם שוין פעסט אין זיין נעץ.

איינמאָהל, דורכקוקענדיג אַזוי אַן אַלטען ציימונג, האָט זיך אַראַטאָוו אָנגעשטויסען אויף אַזאַ מין קאָרעספּאָנדענץ:

„מיט גרוים טרויער", שרייבט אַ קאַזאַנ'ער קאָרעספּאָנדענט, „שרייבען מיר אַריין אין דער געשיכטע פון אונזער טעאַטער די ידיעה וועגען דעם פלוצליכען טוידט פון אונזער בעגאַבטער שוישפּילערין קלאַראַ מיליטש, וועלכע איז געוואָרען אין אַ גאַנץ קורצער צייט דער ליעבלינג פון אונזער פובליקום. אונזער טרויער איז נאָך גרעסער דערמיט, וואָס די שוי-שפּילערין האָט אַליין געמאַכט אַן ענדע צו איהר יונגען, אַזוי פיעל פערשפּרעכענדען לעבען — דורך פערגיפטונג. און שרעקליכער איז דאָס נאָך דערמיט, וואָס דעם גיפט האָט זי אויסגעטרונקען אין טעאַטער גופא! מען האָט

זי קוים אָבגעפֿיהרט אַהיים, וואו זי איז באַלד, צום אַלגעמיינעם בעדויערן, געשטאָרבען. אין שטאָדט געהען אַרום קלאַנגען, אַז אַן אומגליקליכע ליעבע האָט זי געפֿיהרט צו אַזאַ גרויזאַמען טהאַט".

אַראַטאָוו האָט פֿאַמעליך אַוועקגעלייגט די צייטונג אויף'ן טיש. אייסערליך איז ער געבליבען גאַנץ רוהיג... נאָר עפּעס וואָס האָט איהם גלייך ווי אַ שטוים געטהאָן אין האַרצען און אין קאָפּ — און האָט זיך באַלד צוגאָסען איבער אַלע זיינע גליעדער.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון אָרט, געבליבען שטעהן אַ ווײַלע — און האָט זיך ווידער געזעצט און נאָכאַמאָל איבערגעלעזען די זעלבע קאָרעספּאָנדענץ. דערנאָך איז ער ווידער אויפֿגעשטאַנען, געלעגט זיך אין בעט, און פֿערלעגענדיג די הענד אונטערן קאָפּ, האָט ער ווי אַ צומישטער לאַנג געקוקט אויף'ן וואַנד. — ביסלעכווייז איז די וואַנד אַזוי ווי צושוואומען... פֿערשוואונדען... און ער האָט פֿאַר זיך דערזעהען דעם בולוואַר אונטערן גראָהען הימעל, און זי אין שוואַרצען מאַנטעל... דערנאָך האָט ער זי געזעהען אויפ'ן ביהנע... ער האָט געזעהען זאָגאַר זיך זעלבסט נעבען איהר. — דאָס וואָס האָט איהם פֿריהער אַזוי שטאַרק אַ קלאַפּ געטהאָן אין האַרצען, האָט זיך איצט גענומען אויפֿהויבען... אויפֿהויבען העכער, צום האַלז... ער האָט געוואָלט זיך אויסהוסטען, געוואָלט רופֿען ווען ס'איז—נאָר דער לשון האָט איהם אָפּגענומען — און צו זיין אייגענער פֿערוואונדערונג, האָבען פֿון זיינע אויגען נאָכאַנאַנד גענומען גיסען טרעהרען... וואָס האָט ביי איהם אַרויסגערופֿען די טרעהרען? מיטלייד? חרטה? אָדער זיינע נערווען האָבען פשוט ניט אויסגעהאַלטען די פּלוצליכע איבעראַשונג? — פֿאַר איהם איז זי דאָך געוועזען אַ פֿרעמדע? ניט אמת?

„פֿיללייכט איז דאָס גאָר אַ ליגען?" איז איהם פּלוצלינג איינגעפֿאַלען אַ געדאַנק. „מען דאַרף דאָס דערגעהן! אָבער פֿון וועמען? פֿון דער פֿירשטין? — ניין. פֿון קופּפֿערן... פֿון קופּפֿערן? מען זאָגט דאָך, אַז ער איז גאָר אין מאָסקוואַ, ניטאָ? — אַלץ איינס! פֿריהער דאַרף מען זיך ווענדען צו איהם!"

מיט דיעזע געדאַנקען האָט זיך אַראַטאָוו שנעל אָנגעטהאָן, גענומען אַ דראָזשקע און אַוועקגעפֿאָהרען צו קופּפֿערן.

## IX.

ער האָט ניט גערעכענט איהם צו געפינען... און האָט איהם יאָ געפונען. קופפער, איז טאַקע ניט געווען אין מאָסקוואַ אַ קורצע צייט, נאָר שוין אַ וואָך אַז ער האָט זיך צוריקגעקעהרט און האָט זיך שוין זאָגאַר געקליבען אַריינצוגעהן צו אַראַטאָוו׳ן. — ער האָט איהם בעגעגענט מיט זיין געוועהנליכער פריינדליכקייט — און האָט איהם גענומען עפעס דערצעהלען... נאָר אַראַטאָוו האָט איהם גלייך איבערגעשלאָגען די רייד מיט אַן אונגעדולדיגע פראַגע:

— האָסטו געלעזען? — ס׳איז אמת?

— וואָס: אמת? — האָט קופפער ניט פערשטאַנען.

— וועגען קלאַראַ מילימש.

קופפערס געזיכט האָט אויסגעדריקט מיטלייד. — יאָ, ברודער, אמת; זי האָט זיך פערגיפטעט! אַזאַ אומגליק!

אַראַטאָוו האָט אַ ווײַלע געשוויגען. — דו האָסט דאָס אויך פון צייטונג געלעזען? — האָט ער געפרעגט: — אָדער, פיללייכט, ביזטו אַליין געווען אין קאַזאַן!

— אין קאַזאַן בין איך געווען, אמת; מיר האָבען זי צוזאַמען מיט דער פירשטין אַהינצו אָבגעפיהרט. — זי איז דאָרטען אָנגעקומען אין טעאַטער — און האָט געהאַט גרויס ערפאָלג. נאָר ביז׳ן אומגליק בין איך דאָרט ניט פערבליבען... איך בין געווען אין יאַראָסלאַוול.

— אין יאַראָסלאַוול?

— יאָ. — איך האָב די פירשטין בעגלייט... זי וואָהנט איצט אין יאַראָסלאַוול.

— האָסטו חאָטש װעגען דעם גענויע אויסקינפֿטע?

— די גענויעסטע... פֿון ערשטער האַנד! איך האָב זיך אין קאַזאַן בעקאַנט געמאַכט מיט איהר פֿאַמיליע, — נאָר װאַרט, ברו־דער... מיר דאַכט, אַז די ידיעה האָט דיך צופֿיעל בעריהרט? — און, געדענקסט, דיר איז קלאַראַ דאַמאָלס ניט געפֿעלען געװאָרען! אַ שאָדען! אַ טייערע מיידעל איז דאָס געװען — נאָר אַ קאָפּ! אַ קאָפּ אַ געפֿעהרליכער! איך האָב זיך זעהר געקימערט װעגען איהר.

אַראַטאָװ האָט קיין װאָרט ניט געענטפֿערט. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפֿ'ן שטוהל — און, אין אַ װיילע אַרום, האָט ער געבעטען קופֿפֿערן דערצעהלען איהם... דאָ האָט ער זיך פֿער־האַלטען.

— װאָס? — האָט קופֿפֿער געפֿרעגט.

— נו... אַלעס, — האָט אַראַטאָװ געענטפֿערט אָבגעהאַקט. — נו חאָטש װעגען איהר פֿאַמיליע... און װעגען אַנדערע זאַכען, װאָס דו װייסט.

— אינטערעסירט דאָס דיך? — גוט.

און קופֿפֿער, אויף װעלכענס געזיכט עס איז גאָר ניט געװען צו בעמערקען, אַז ער זאָל זיך זעהר שטאַרק קימערן װעגען קלאַראַ'ן, האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען.

פֿון זיינע װערטער האָט זיך אַראַטאָװ דערװאוסט, אַז דער ריכטיגער נאָמען קלאַראַ'ס איז געװען — קאַטהערינאַ מילאָװידאָװאַ; אַז איהר פֿאָטער, װעלכער איז שוין טויט, איז געװען אַ לעהרער פֿון צייכנען אין קאַזאַן און האָט געשריבען שלעכטע פּאָרטרעטען און קהל'שע קירכען בילדער — דערצו האָט ער גע'שם'ט פֿאַר אַ שכור, און אכזר צו זיין פֿאַמיליע... און רעכענט זיך נאָך אַלס געביל־דעטער מענש!... (דאָ האָט זיך קופֿפֿער צופֿריעדען פֿאַנאַנדערגע־לאַכט, האָבענדיג הנאה פֿון זיין שפּאַס); — װאָס נאָך איהם איז געבליבען, — ערשטענס: אַן אלמנה פֿון קרעמער־שטאַנד, זעהר אַ נאַרישע פֿרוי, אַזױ װי פֿון אָסטראָװסקי'ס קאָמעדיע אַרויסגענומען; און צװייטענס: אַ טאָכטער װאָס איז פֿיעל עלטער פֿון קלאַראַ'ן און גאָר ניט עהנליך צו איהר — אַ מיידעל זעהר אַ קלוגע, נאָר אַ התפּעלות'דיגע, אַ פֿאַנטאַזיאָרקע, אַ קראַנקע, אַ זעלטענע מיידעל

— און זעהר אַן ענטוויקעלטע, ברודער מיינער! זיי וואָהנעןביידע, די מוטער מיט דער טאָכטער, ניט אָרעם, אין אַ גאַנץ פיינע הויז, וועלכע זיי האָבען זיך פערשאַפט פון דעם האַנדעל מיט שלעכטע פאָרטרעטען און קירכען בילדער; קלאַ־אַ... אָדער קאַטיאַ, ווי דו ווילסט, האָט פון איהר קינדהייט אָן אַלעמען פערוואונדערט מיט איהרע פעהיגקייטען — נאָר געווען איז זי ניט קיין געהאָרכזאַמע, אַ קאַפּריזנע — און האָט זיך נאָכאַנאַנד געקריגט מיט'ן פאָטער; האָבענדיג אַ געבוירענעם חשק צום טעאַטער, איז זי אויף'ן זעכצעהנטען יאָהר אַנטלאָפען פון דער היים מיט אַן אַקטיאָר...
— מיט אַן אַקטיאָר? — האָט איהם איבערגעשלאָגען אַראַטאָוו.
— ניין, ניט מיט אַן אַקטיאָר, נאָר מיט אַנ'אַקטריסע, צו וועלכער זי האָט זיך זעהר שטאַרק צוגעבונדען... אמת, די אַקטריסע האָט געהאַט אַ בעשיצער, אַ רייכען אַלטען פריץ, וועלכער האָט מיט איהר ניט געהייראַט בלויז דערפאַר, ווייל ער איז שוין געווען פערהייראַט — און די אַקטריסע, דאַכט זיך, איז אויך געווען אַ פערהייראַטע. — ווייטער, האָט קופּפער דערצעהלט אַראַטאָוו'ן, אַז קלאַראַ האָט שוין ביז איהר קומען אין מאָסקוואַ געשפּיעלט און געזונגען אי'ן דער פראָווינץ; און, פערלירענדיג איהר פריינדין, די אַקטריסע (דער פריץ, דאַכט זיך, איז אויך געשטאָרבען! אָדער ער האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פרוי — דאָס האָט קופּפער גוט ניט געקאָנט געדענקען...), האָט זי זיך בעקאַנט מיט דער פירשטין, מיט דיעזער גאָלדענער פרוי, וועלכע דו, מיין פריינד, יאַקאָוו אַנדרעאיטש, — האָט מיט געפיהל צוגעגעבען דער דערצעהלער: — האָסט ניט געקענט אָפּשאַצען לויט איהר ווערטה; אַז, ענדליך, האָט מען קלאַראַ'ן אַנגאַזשירט צו שפּילען אין קאַזאַן— און זי איז געפאָהרען, האָטש פריהער האָט זי פערזיכערט, אַז זי וועט מאָסקוואַ קיינמאָל ניט פערלאָזען! — דערפאַר אָבער, ווי שטאַרק ליעב זיי האָבען זי בעקומען, די קאַזאַנער — איז טאַקע צו בעוואונדערן! — ביי יעדער פאָרשטעלונג בוקעטען און מתנות! בוקעטען און מתנות! — אַ תבואה סוחר, דער ערשטער גביר פון גובערניע, האָט איהר זאָגאַר אַ גאָלדענעם טינטער געשענקט! — קופּפער האָט דאָס אַלעס דערצעהלט זעהר לעבהאַפט, ניט אַרויס־

ווייזענדיג דערביי קיין בעזונדערן סענטימענטאַליזם, און האָט נאָר איבערגעריסען זיין אייגענע ערצעהלונג מיט פראַגען: — נאָך וואָס איז דאָס?... אָדער: — צו וואָס דאַרפסטו דיעזעס וויסען? — ווען אַראַטאָוו, וועלכער האָט איהם געהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, האָט פון איהם געפאָדערט אַלץ מעהר און מעהר איינצעלהייטען. ענדליך איז אַלעס געווען אַרויסגעזאָגט, און קופפער איז ענטשוויגען געוואָרען, בעלוינענדיג זיך פאַר זיין אַרבייט מיט אַ ציגאַר.

— און צוליעב וואָס האָט זי זיך פערגיפטעט? — האָט געפרעגט אַראַטאָוו. — אין ציימונג שטעהט...

קופפער האָט אַ מאַך געטאָהן מיט די הענד. — נו... דאָס קאָן איך דיר ניט זאָגען... איך וויים נים. און די צייטונג לייגט. געפיהרט האָט זי זיך מוסטערהאַפט... קיינע ליעבעס... און דערצו— איהר שטאָלץ! שטאָלץ איז זי געווען ווי דער טייוועל אַליין — און אונדערגרייכבאַר! — אַ קאָפּ אַ געפעהרליכער! האַרט, ווי אַ שטיין! דו וועסט מיר גלויבען — מען דאַרף ניט מעהר ווי נאָהענט איך האָב זי געקענט — און קיין מאָהל איהר'ן אַ טרעהר ניט געזעהען.

„און איך האָב יאָ געזעהען", — האָט ביי זיך געטראַכט אַראַטאָוו.

— נאָר אָט וואָס, — האָט קופּפער פאָרטגעזעצט: — די לעצטע צייט האָב איך בעמערקט אין איהר אַ גרויסע ענדערונג: זי איז געווען אַזוי אומעטיג, נאָכאַנאַנד געשוויגען, אַז שעה'ן לאַנג האָט מען פון איהר קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסקריגען. איך האָב זי וויפיעל מאָל געפרעגט: צי האָט איך ניט ווער עס איז בעליידיגט, קאַמהערינאַ סעמיאָנאָוונאַ? ווייל — איך האָב געוואוסט איהר חאַראַקטער. קיין בעליידיגונג האָט זי ניט געקענט פערטראַגען! שווייגט זי, און שוין! זאָגאַר איהר ערפאָלג אויפ'ן ביהנע האָט איהר קיין פערגעניגען ניט פערשאַפט; מען פערוואַרפט זי מיט בלומען... און זי — ניט אַ שמייכעל! אויף דעם גאָלדענעם פינטער האָט זי איין מאָל אַ קוק געטאָהן — און אַוועקגעלעגט!— זי האָט זיך בעקלאָגט, אַז אַן אמת'ע ראָלע, ווי זי פערשטעהט, וועט איהר קיינער ניט אָנשרייבען. און זינגען האָט זי אינגאַנצען אַוועקגעוואָרפען. איך, ברודער, בין אין דעם שולדיג!... איך האָב

איהר דאַמאָלס דערצעהלט, אַז דו געפינסט ביי איהר ניט קיין ש ו ה ל ע. נאָר פונדעסטוועגען... פאַרוואָס זי האָט זיך פערגיפטעט — איז אַ סוד! און ווי אַזוי נאָך פערגיפטעט...

— אין וועלכע ראָלע האָט זי אַם בעסטען געשפּיעלט? — אַראַטאָוו האָט געוואָלט דערגעהן, אין וועלכע ראָלע זי האָט אויפגעטראָטען צום לעצטען מאָל — נאָר אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס, האָט ער געפרעגט עפּעס אַנדערש.

— דאַכט זיך, אין „גרוניע", אָסטראָווסקי'ס. נאָר איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: קיין ליעבעס האָט זי ניט געהאַט! בערעכען נאָר: געוואָהנט האָט זי ביי דער מוטער אין הויז... דו ווייסט, עס זענען דאָ אַזעלכע בעל־הבתי'שע הייזער, וואָס אין יעדען ווינקעל שטעהט אַ הייליגער ארון־קודש'ל און אונטער איהם אַ נר־תמיד לעמפּ'ל, אַ טשאַד — דערשטיקט צו ווערען און שמעקט מיט זויערקייט; אין אויפנאַהמס־צימער ביי די ווענד — נאָר שטוהלען, אויף די פענסטער — וואַזאָנעס, און קומט צופאָהרען אַ גאַסט — דערשרעקט זיך די בעל־הבית'טע—פונקט ווי אַ שונא וואָלט זי בעפאַלען. וואָס פאַר אַ געשעפטען און ליעבעס מען קען שוין דאָ פיהרען? עס האָט זאָגאר געטראָפען, אַז מען האָט מיך אפילו אין שטוב ניט אַריינגעלאָזען. די דיענסט זייערע, אַ געזונטע דאָרפס־פויערטע, אין אַ ציצענעם פאַרטוך, מיט אַראָפּגעהאַנגענע ברוסטען פאַרשטעלט דעם וועג און שרייט: וואוהין? — ניין, איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן, פאַר וואָס זי האָט זיך פערגיפטעט. דאָס לעבען, מסתמא, האָט דערעסען, — האָט טיעפזיננינג פאַרענדיגט קופּפער זיינע השערות.

אַראַטאָוו איז געזעסען אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. — דו קענסט מיר געבען זייער אַדרעס אין קאַזאַן? — האָט ער ענדליך געפרעגט.

— איך קאָן; נאָר צו וואָס דאַרפסטו איהם? — אָדער דו דענקסט צו שיקען אַהין אַ בריף?

— מעגליך.

— נו, ווי דו ווילסט. נאָר וויסען זאָלסטו, אַז די אַלטע וועט דיר ניט ענטפערן, ווייל זי קען ניט. סיידען, אפשר, די שוועסטער... אָה, די שוועסטער, דאָרט איז אַ חכמה! — נאָר, ווייעדער אַמאָל, וואַונדערט מיך אויף דיר, ברודער! צוערשט אַזאַ גלייכגילטיגקייט...

און איצט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט! דאָס איז אַלץ, ליעבינקער, דורך דיין איינזאַמען לעבען!

אַראַטאָוו האָט גאָרנישט געענטפערט אויף דיעזער בעמערקונג און איז אַוועק, מיטנעהמענדיג זייער קאַזאַנער אַדרעס.

ווען ער איז געפאָהרען צו קופּפער'ן, האָט זיין געזיכט אויס־געדריקט אויפרעגונג, פערוואונדערונג, ערוואַרטונג... איצט איז ער געגאַנגען פּאַמעלאַך, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגען, מיט'ן הימעל אַראָפּגערוקט אויף'ן שטערען; כמעט יעדער פערבייגעהער האָט איהם נייגעריג נאָכגעקוקט... נאָר ער האָט קיינעם איצט ניט בע-מערקט... ניט אַזוי ווי דאַמאָלס אין בולוואַר!...

„אומגליקליכע קלאַראַ! — האָט געקלונגען ביי איהם אין דער נשמה.

---

# X

פֿונדעסטוועגן האָט אַראַטאָוו דעם מאָרגענדיגען טאָג פֿער־בראַכט גאַנץ רוהיג. ער האָט זיך זאָגאַר געקענט פֿערנעהמען מיט זיין געוועהנליכער אַרבייט. איין זאַך נאָר: אין דער צייט פֿון אַר־בייט, און אין זיין ליידיגער צייט האָט ער נאָכאַנאַנד געטראַכט פֿון קלאַראַ'ן, וועגען דעם וואָס קופּפֿער האָט איהם נעכטען דערצעהלט. אמת, זיינע געדאַנקען וועגען איהר זיינען אויך געווען גאַנץ רוהיגע. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זאָנדערבאַרע מיידעל אינטערע־סירט איהם נאָר פסיכאָלאָגיש, ווי אַ רעטעניש, אויף וועלכער ס'לוינט זיך צו פֿערטראַכטען. — „אַנטלאָפֿען מיט אַ לעבע-אַקטריסע, האָט זיך איהם געטראַכט. — „זי האָט זיך אונטערוואָרפֿען דעם שוץ פֿון דער פֿירשטין, ביי וועלכער, זי האָט, דאַכט זיך, געוואוינט — און קיינע ליעבעס? דאָס שיקט זיך עפּעס ניט!... קופּפֿער זאָגט: שטאָלץ! נאָר ערשטענס, ווייסען מיר" (אַראַטאָוו'ן האָט בעסער געפּאַסט צו זאָגען: מיר האָבען געלעזען אין די ביכלאַך)... „ווייסען מיר, אַז שטאָלץ געהט זיך צוזאַמען מיט לייכטזיניגקייט; און צווייטענס, ווי אַזוי האָט זי, אַזא שטאָלצע, בעשטימט אַ ראַנדע-וואו מיט אַ מענשען, וועלכער האָט זי געקאָנט אויסלאַכען — און האָט זי טאַקע אויסגעלאַכט... און נאָך אויף אַן עפֿענטליכען אָרט... אין בולוואַר!" — דאָ האָט אַראַטאָוו דערמאָהנט די גאַנצע סצענע אויף'ן בולוואַר — און האָט זיך געפֿרעגט: האָט ער טאַקע קלאַראַ'ן אויסגעלאַכט? — ניין, — האָט ער בעשלאָסען... דאָס איז געווען עפּעס אַנדערש... אַ מיכּפֿערשטענדניס... אָדער בעסער, אונצו־טרוי! — „אומגליקליכע קלאַראַ!" האָט איהם ווידער געקלונגען אין די געדאַנקען. — יאָ, אומגליקליכע האָט ער ווידער אַמאָל בעשלאָסען... דאָס איז דאָס פּאַסענדסטע וואָרט דערצו. — און אויב

אַזוי — בין איך געווען אומגערעכט. זי האָט ריכטיג געזאָגט, אַז איך האָב זי ניט פֿערשטאַנען. אַ שאָדען! אַזאַ זעלטענער מענש, קאָן זיין, איז דורכגענאַנגען אַזוי נאָהענט פֿערביי מיר... און איך האָב עס ניט בעמערקט, און אָפּגעשטויסען פֿון זיך... נו, מילא! דאָס גאַנצע לעבען איז נאָך פֿאָראויס. עס וועט נאָך זיין בעגעגענישען!

— אָבער ווי אַזוי פֿאַלט דאָס איהר איין פונקט מיך אויסצו-קלייבען? — ער האָט אַריינגעקוקט אין שפּיגעל ביי וועלכען ער איז פֿערביי געגאַנגען. — וואָס איז דאָ אין מיר אַזוינס? בין איך דען אַזוי שעהן? אַ געזיכט... ווי אַלע געזיכטער... איבעריגענס, זי איז אויך ניט קיין גרויסע שעהנהייט.

— ניט קיין שעהנהייט... אָבער וואָס פֿאַר אַן אויסדריקליכע געזיכט! אַן אונבעוועגליכע אָבער אויסדריקליכע! אַזאַ געזיכט האָב איך נאָך ניט בעגעגענט. — און אַ טאַלאַנט האָט זי... דאָס הייסט, געהאַט, אָהן צווייפֿעל. אַ ווילדען, אונענטוויקעלטען, זאָגאַר אַ גראָ-בען... נאָר אונצווייפֿעלהאַפֿטען. און אויך אין דעם פֿאַל בין איך געווען אומגערעכט אַנטקעגען איהר. — אַראַטאָוו האָט זיך אין די געדאַנקען אַריבער געטראָגען צו יענעם ליטעראַריש-מוזיקאַלישען מאָרגען-באַל... און האָט אַליין בעמערקט אין זיך, אַז ער גע-דענקט זעהר דייטליך יעדען וואָרט איהרען, וואָס זי האָט געזונגען אָדער דעקלאַמירט, יעדען אויסדריק אפילו... און דאָס וואָלט זיך ניט געטראָפֿען, ווען זי וואָלט ניט געהאַט קיין טאַלאַנט.

— און איצט איז דאָס אַלעס אין קבר, וואוהין זי אַליין האָט זיך געטריבען... אָבער איך האָב דערצו קיין שייכות ניט... איך בין ניט שולדיג! עס וואָלט געווען זאָגאַר לעכערליך צו דענקען, אַז איך בין שולדיג. — אַראַטאָוו'ן איז איינגעפֿאַלען אין די געדאַנ-קען, אַז ווען זי וואָלט אפילו „עפּעס אַזוינס" געהאַט — וואָלט איהר זיין האַלטונג אין בולוואַר אָהן צווייפֿעל ענטווישט. דערפֿאַר האָט זי זיך דאָס אַזוי בייז צולאַכט ביים אַוועקגעהן. — און וואו זענען דאָ בעווייזע, אַז זי האָט זיך פֿערגיפֿטעט דורך אונגליקליכע ליעבע? אַלע צייטונגס-שרייבער האָבען אַ טבע צו ערקלעהרען אַזעלכע זעלבסט-מאָרדען דורך אומגליקליכע ליעבע! מענשען מיט אַזעלכע נאַטורען ווי קלאַראַ'ס, ווערט גיך נמאס דאָס לעבען...

ס'ווערט אומעטיג. יאָ, אומעטיג. גערעכט איז קופּפּער: פּשוט איהר איז איבערדריסיג געוואָרען צו לעבען.

— ניט קוקענדיג אויפ'ן ערפאָלג, אויף די אַוואַציעס, וואָס זי האָט געהאַט? — אַראַטאָוו האָט זיך פאַרטראַכט. — איהם איז געווען זאָגאַר אַנגענעהם דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז אין וועלכען ער האָט זיך פאַרטיעפט. ביז אַהער פרעמד פון יעדע פרויען־בע־ריהרונג, האָט ער זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר אַ בע־דייטונג עס האָט געהאַט פאַר איהם זעלבסט אָט די אָנגעשטרענג־טע פאַנאַנדערגלידערונג פון אַ פרויען־נשמה.

— הייסט דאָס — האָט ער פאָרטגעזעצט זיינע געדאַנקען:— די קונסט האָט זי ניט בעפריעדיגט, זי האָט ניט אויסגעפיעלט די פוסטקייט פון איהר לעבען... אמת'ע קינסטלער לעבען נאָר צוליעב דער קונסט, צוליעב'ן טעאַטער... אַלעס איבעריגעס איז שוואַך לגבי דאָס, וואָס זיי רעכענען פאַר זייער ציעל... זי איז געווען בלויז אַ ליעבהאָבערין פון קונסט, אַ דילעטאַנטין.

דאָ האָט זיך אַראַטאָוו ווידער פאַרטראַכט. — ניין, דאָס וואָרט „דילעטאַנטין" האָט זיך עפּעס ניט געפּאַסט צו יענער גע־זיכט, צו יענעם אויסדריק פון געזיכט, צו יענע אויגען...

און פאַר איהם איז ווידער אויפגעשטאַנען קלאַראַ'ס געשטאַלט ווי זי קוקט אויף איהם מיט אויגען פול טרעהרען, מיט צוזאַמענ־געדריקטע הענד ביי די ליפּען.

— „אַך, מען דאַרף ניט, מען דאַרף ניט... — האָט ער גע־שעפּטשעט... — צו וואָס?"

אַזוי איז אַריבער דער גאַנצער טאָג. ביי מיטאָג האָט אַראַטאָוו פיעל גערעדט מיט פּלאַטאָשע'ן, פאַנאַנדערגעפרעגט איהר וועגען פאַרצייטיגע יאָהרען, וועלכע זי האָט אי געדענקט, אי דערצעהלט שלעכט, ווייל זי איז ניט געווען קיין גרויסע רעדנערין—און אויסער איהר יאַשען האָט זי אויף איהר גאַנצען לעבען, כמעט גאָרנישט בע־מערקט. זי האָט זיך נאָר געפרעהט דערמיט, וואָס ער איז היינט אַזאַ גו־טער און צערטליכער!—פאַרנאַכט-צו האָט זיך אַראַטאָוו אַזוי בערוהיגט, אַז ער האָט עטליכע מאָהל געשפּיעלט מיט דער מוהמען אין קאָרטען.

אַזוי איז אַריבער דער טאָג... דערפאַר אָבער, די נאַכט!!

## XI.

אָנגעהויבען האָט זי זיך גוט ; — ער איז איינגעשלאָפֿען — און ווען די מוהמע איז צו איהם אַריינגעגאַנגען אויף די שפּיץ פֿינגער, אום דריי מאָל איבער צלם'ן איהם אין שלאָף — זי פֿלעגט עס טאָהן יעדע נאַכט, — איז ער געלעגען און רוהיג געאָטהעמט, ווי אַ קינד. נאָר פֿאַר־טאָג האָט זיך איהם געוויזען אַ חלום.

איהם האָט זיך געחלום'ט : ער איז געגאַנגען דורך אַ וויסטען, שטיינערדיגען מדבר אונטער אַ נידעריגען הימעל. צווישען די שטיי- נער האָט זיך געשלייננעלט אַ שמאָלער וועג ; ער איז געגאַנגען אויף איהם.

פלוצלינג האָט זיך פֿאַר איהם אויפֿגעהויבען אַזוי ווי אַ דינער וואָלקענד'ל. ער קוקט זיך איין ; פֿון דעם וואָלקענד'ל איז געוואָרען, אַ פֿרוי, אין ווייסען געקליידט, מיט אַ העלען גורט אַרום די לענ- דען. זי לויפֿט פֿון איהם אַוועק. ער האָט ניט געזעהן ניט איהר גע- זיכט, ניט איהרע האָאָר... אַ לאַנגע טוך האָט זיי פֿערדעקט. ער האָט זי דורכאויס געוואָלט דעריאָגען און אַריינקוקען אין איהרע אויגען. נאָר ווי שנעל ער זאָל ניט געהן — איז זי אַלץ געגאַנגען שנעלער פֿון איהם.

אויפֿ'ן וועג איז געלעגען אַ גרויסער, פֿלאַכער שטיין, אַזוי ווי אַ מצבה. דאָס האָט איהר פֿערשטעלט דעם וועג, זי האָט זיך אָב- געשטעלט. אַראַטאָוו איז צו איהר צוגעלאָפֿען, זי האָט זיך צו איהם אומגעקעהרט — נאָר איהרע אויגען האָט ער דאָך ניט געזעהן... זיי זענען געווען געשלאָסען. איהר געזיכט איז געווען ווייס, ווייס ווי שנעע, איהרע הענד זענען געווען אונבעוועגליך. זי איז געווען עהנליך צו אַ סטאַטוע.

לאַנגזאַם, ניט אָנבויגענדיג זיך מיט קיין גליעד, האָט זי זיך אַ קעהר געטהאָן אויף הינטען און האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף יענער מצבה... און אָט ליעגט ער שוין צוזאַמען מיט איהר, אינגאַנצען אויסגעצויגען, אַזוי ווי אין קבר און די הענד צוזאַמענגעלעגט, אַזוי ווי ביי אַ מת.

נאָר דאָ האָט זיך די פרוי פלוצלינג אויפגעהויבען און אַוועק־געגאַנגען. אַראַטאָוו וויל זיך אויך אויפהויבען... נאָר ניט ריהרען זיך, ניט פאַנאַנדערנעהמען די הענד קאָן ער — און פערצווייפעלט קוקט ער איהר נאָך.

דאַן האָט זיך די פרוי פלוצלינג אַ קעהר געטהאָן צו איהם— און ער האָט דערזעהען ליכטיגע, לעבעדיגע אויגען אויף אַ לעבע־דיגען, אומבעקאַנטען פנים. זי לאַכט, זי מאַכט מיט'ן האַנד און רופט איהם... און ער קאָן זיך נאָך אַלץ קיין ריהר ניט געבען.

זי האָט זיך נאָכאַמאָל פאַנאַנדערגעלאַכט — און איז שנעל אַוועקגעגאַנגען שאָקלענדיג מיטן קאָפּ, אויף וועלכען עס האָט זיך געררויטעלט אַ קראַנץ מיט בלומען.

אַראַטאָוו וויל שרייען, צושטערען דעם שרעקליכען קאָשמאַר...

פלוצלינג איז אַלעס אַרום געוואָרען פינסטער... און די פרוי האָט זיך צו איהם צוריק געקעהרט. נאָר דאָס איז שוין ניט יענע אומבעקאַנטע סטאַטוע... דאָס איז קלאַרא.

זי האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען איהם, צוזאַמענגעלייגט די הענד — און קוקט איהם אָן שטרענג און אויפמערקזאַם. איהרע ליפּען זענען צוזאַמענגעדריקט—נאָר אַראַטאָוו'ן דאַכט זיך, אַז ער הערט ווערטער:

— „אויב דו ווילסט וויסען ווער איך בין, דאַן פאָהר אַהין".

— וואוהין? — פרעגט ער.

— „אַהין! — הערט זיך אַ זיפצענדער ענטפער. — אַהין!"

אַראַטאָוו האָט ערוואַכט.

ער האָט זיך אַנידער געזעצט אין בעט, אָנגעצונדען דאָס ליכט, וואָס איז געווען אויפ'ן נאַכט־טישעל,—נאָר ער איז ניט אויפגעשטאַנען — און איז לאַנג געזעסען, אינגאַנצען אַ שווידערענדער, לאַנגזאַם אַרומקוקענדיג זיך אויף אַלע זייטען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז מיט איהם איז עפּעס פּאָרגעקומען פאַר דער צייט וואָס ער איז

געשלאָפֿען; אַז אין איהם האָט זיך עפּעס אַריינגעכאַפּט... עפּעס האָט איהם בעהערשט. „איז דאָס מעגליך?" האָט ער געשעפּטשעט בעוואוסטלאָז: „עקזיסטירט דען אַזאַ קראַפֿט?"

ער האָט ניט געקענט פֿערבלייבען אין בעט. ער האָט זיך פּאַמעליך אָנגעטהאָן — און ביז העלען טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען איבערן צימער. און אַ מאָדנע זאַך! וועגען קלאַראַ'ן האָט ער ניט געטראַכט קיין מינוט — און ניט געטראַכט האָט ער דערפֿאַר, ווייל ער האָט בעשלאָסען גלייך צו פֿאָהרען אין קאַזאַן!

ער האָט געטראַכט נאָר וועגען זיין רייזע, וועגען דעם, ווי אַזוי ער זאָל דאָס מאַכען, און וואָס זאָל ער מיט זיך מיטנעהמען, — און ווי וועט ער דאָרט אַלץ אויסגעפֿינען און דערגעהן — און זיך בערוהיגען. — „אַז דו זאָלסט ניט פֿאָהרען", האָט ער זיך מיט זיך מישב געווען, — „וועסטו נאָך פֿון זינען אַראָפּ!" ער האָט זיך דערפֿאַר געשראָקען, מורא געהאַט פֿאַר זיינע נערווען. ער איז געווען זיכער, אַז אויב ער וועט דאָס אַלץ אַליין זעהן מיט די אויגען — וועלען אַלע מחשבות פֿערשווינדען, אַזוי ווי דער נאַכט־קאָשמאַר.— „און אין גאַנצען וועט די רייזע נעהמען אַ וואָך", האָט ער געקלעהרט... „וואָס איז אַזוינס אַ וואָך? און אַנדערש וועט מען זיך ניט בעגעהן".

די אויפֿגעהענדע זונן האָט אַריינגעשיינט אין זיין צימער; נאָר דאָס ליכט פֿון טאָג האָט ניט פֿערטריבען די שאָטענס פֿון דער נאַכט וואָס זענען אויף איהם געלעגען, און ער האָט זיין בעשלוס ניט געביטען.

פלאַטאָנידאַ האָט שיער ניט בעקומען דעם שלאַג ווען ער האָט איהר מיטגעטהיילט פֿון זיין בעשלוס. זי האָט זיך אַזש אַראָפּגעלאָזען... די פֿיס האָבען זיך איהר אונטערגעהאַקט. „וואָס הייסט אין קאַזאַן? נאָך וואָס עפּעס אין קאַזאַן?" האָט זי געמורמעלט אויסלופענדיג איהרע אַזוי אויך בלינדע אויגען. זי וואָלט זיך ניט מעהר געוואונדערט, ווען זי וואָלט זיך פּלוצלינג דערוואוסט, אַז יאַשאַ געהט הייראַטהען מיט דער בעקערין, דער שכנ'טע, אָדער ער פֿאָהרט אין אַמעריקאַ. — „און אויף לאַנג פֿאָהרסטו אין קאַזאַן?"

— אין אַ וואָך אַרום וועל איך זיך צוריק קעהרען, — האָט

אַראַטאָוו געענטפערט, שטעהענדיג האַלב אומגעקעהרט צו זיין מוהמען, וועלכע איז נאָך אַלץ געזעסען אויפ'ן פאָדלאָגע.

פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט נאָך געוואָלט פרעגען — נאָר אַראַטאָוו האָט גאָר אונערוואַרטעט און אויסערגעוועהנליך אָנגעהויבען צו שרייען אויף איהר. — איך בין ניט קיין קינד, — האָט ער געשריהען און איז אינגאַנצען בלאַס געוואָרען, די ליפען האָבען זיך איהם געטרייסעלט, און זיינע אויגען האָבען בייז געבלישצעט. — מיר איז דאָס זעקס און צוואַנציגסטע יאָהר, איך וויים וואָס איך טהו, — איך בין פריי צו טאָהן, וואָס איך וויל! — איך וועל קיינעם ניט ערלויבען... גיט מיר געלט אויפ'ן וועג, גרייט צו דעם טשעמאָדאַן מיט וועש און זאַכען... און פייניגט מיך ניט! — איך וועל זיין צוריק אין אַ וואָך אַרום, פלאַטאָשאַ — האָט ער שוין אַביסעל ווייכער געזאָגט.

פלאַטאָשאַ האָט זיך אויפגעהויבען קרעכצענדיג, און שוין ניט פרעגענדיג מעהר, האָט זי זיך אַוועקגערוקט צו זיך אין צימער. יאַשאַ האָט זי איבערגעשראָקען. — ניט קיין קאָפּ איז ביי מיר אויף די אַקסלען, — האָט זי געזאָגט צו דער קעכין, וועלכע האָט איהר מיטגעהאָלפען איינפּאַקען יאַשעס זאַכען: — גיט קיין קאָפּ נאָר אַ ביענשטאָק... און וואָס פאַר אַ ביענען עס זשווּשען דאָרט — וויים איך ניט. אין קאַזאַן פאָהרט ער, מוטער מיינע, אין קאַ—זאַ—אַן!

— די קעכין, וואָס האָט נעכטען געזעהען דעם הויז-וועכטער לאַנג שושקענדיג זיך מיטן סטראַזשניק, האָט געוואָלט ווענען דעם דערצעהלען איהר בעל-הבית'טע — נאָר זי האָט ניט געוואַגט, זי האָט נאָר געטראַכט: „אין קאַזאַן? — זעהט אַקאָרשט צי ניט ער:"ץ ווייטער!"

— און פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ איז אַזוי מבולבל געוואָרען, אַז זי האָט אפילו איהר שטענדיגע תפלה ניט געזאָגט. — אין אַזאַ אומגליק האָט אפילו גאָט ברוך הוא ניט געקענט העלפען!

דעם זעלבען טאָג איז אַראַטאָוו אַוועקגעפאָהרען אין קאַזאַן.

---

## XII.

ער האָט נאָך ניט בעוויזען אַריינצוקומען ווי עס בעדאַרף צו זיין אין שטאָדט און פֿערנעהמען אַ צימער אין אַ האָטעל — און ער האָט שוין אָנגעהויבען צו זוכען דאָס הויז פֿון דער אלמנה מילאָווידאָוואַ. די גאַנצע צייט פֿון זיין רייזע האָט ער זיך געפֿונען אין אַ מין פֿערגליווערונג, וואָס האָט איהם פֿונדעסטוועגען ניט גע־שטערט אין ניזשני־נאָווגאָראָד איבערצוזעצען זיך פֿון באַהן אין אַ שיף, עסען אויף סטאַנציעס א. א. וו. ער איז ווי פֿריהער געוועזען זי־כער ביי זיך, אַז דאָרט וועט זיך אַלעס ענטשיידען — און דעריבער האָט ער פֿערטריבען פֿון זיך אַלע געדאַנקען און השערות, בעגני־גענדיג זיך מיט איינס — מיט'ן צוגרייטען אין די געדאַנקען אַ רעדע, אין וועלכער ער זאָל פֿאַר איהר פֿאַמיליע ערקלעהרען די אמת'ע אורזאַכען פֿון זיין רייזע. — אָט האָט ער זיך דערקליבען צום ציעל, געהייסען דער דיענסט מעלדען וועגען איהם. מען האָט איהם אַריינ־געלאָזען... מיט פֿערוואונדערונג און שרעק — נאָר אַריינגעלאָזען.

דאָס הויז פֿון דער אלמנה מילאָווידאָוואַ איז געוועזען ווירקליך אַזאַ, ווי קופּפֿער האָט איהם פֿאָרגעשטעלט; און די אלמנה זעלבסט איז אויך געוועזען עהנליך צו איינע פֿון אָסטראָווסקי'ס קופּטשיכעס, חאָטש זי איז געוועזען פֿון בעאַמטען־שטאַנד: איהר מאַן איז געוועזען אַ טשינאָווניק. ניט גאָר אָהן מיה האָט אַראַטאָוו פֿריהער ענטשול־דיגענדיג זיך פֿאַר זיין דרייסטקייט, פֿאַר זיין זאָנדערבאַרער רייזע, געהאַלטען זיין צוגעגרייטע רעדע וועגען דעם, אַז איהם וואָלט זיך זעהר וועלען צונויפֿקלייבען אַלע נויטיגע ידיעות וועגען דער פֿעהיגער אַרטיסטין וואָס איז אַזוי יונג פֿערלאָרען געגאַנגען; אַז ער טהוט

עס ניט בלויז פֿון נייגעריגקייט וועגען, נאָר פֿון מיטגעפֿיהל צו איהר טאַלאַנט, פֿון וועלכען ער איז געווען אַ פֿערעהרער (ער האָט אַזוי געזאָגט: פֿערעהרער); אַז סוף כל סוף וואָלט געווען אַן עולה ניט צו לאָזען וויסען דער וועלט, וואָס זי האָט פֿערלאָרען — און פֿאַרוואָס מען האָט זי פֿערלאָרען! — די פֿרוי מילאָווידאָוואַ האָט ניט איבערגעריסען זיין ריידען; זי האָט כמעט ניט פֿערשטאַנען וואָס עס רעדט צו איהר דער אומבעקאַנטער גאַסט — זי האָט זיך נאָר אַביסעל אָנגעבלאָזען און האָט אויף איהם אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען; נאָר, געפֿינענדיג אַז ער זעהט אויס אַנשטענדיג, שעהן גע-קליידעט — און ניט קיין קעשענע-גנב... וועט ער קיין געלד ניט בעטען.

דאָס איז וועגען קאַטי'ען? — האָט זי געפֿרעגט ווען אַראַ-טאָוו איז ענטשוויגען געוואָרען.

— יאָ... וועגען אייער טאָכטער.

— און צוליעב דעם זייט איהר געקומען צופֿאָהרען פֿון מאָסקווע?

— פֿון מאָסקווע.

— בלויז צוליעב דעם?

— צוליעב דעם.

די פֿרוי מילאָווידאָוואַ האָט זיך פּלוצלינג אַחאַפּ געטאָהן.

— איהר זענט אַ שרייבער? איהר שרייבט אין זשורנאַלען?

— ניין, איך בין ניט קיין שרייבער — און אין זשורנאַלען האָב איך ביז אַהער ניט געשריבען.

די אלמנה האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ. זי האָט עס ניט גע-קענט פֿערשטעהן.

— הייסט דאָס... פּשוט, פֿון חשק וועגען? — האָט זי פּלוצ-לינג אַפֿרעג געטהאָן.

אַראַטאָוו האָט ניט באַלד געפֿונען וואָס צו ענטפֿערען.

— אויס מיטגעפֿיהל, אויס אַכטונג צום טאַלאַנט, — האָט ער ענדליך אויסגערעדט.

דאָס וואָרט „אַכטונג” איז איהר געפֿעללען געוואָרען. — מילא!

— האָט זי געזאָגט מיט אַ זיפֿץ... — חאָטש איך בין איהר מוטער

— און האָב וועגען איהר זעהר געקלאָגט... פּלוצלינג אַזאַ אונגליק!... נאָר איך מוז אייך זאָגען: אַווילדע איז זי אימער געווען — און אַזוי האָט זי אויך איהר לעבען פאַרענדיגט! אַזאַ שאַנדע... פערשטעהט אַליין: וואָס פאַר אַ נחת דאָס איז פאַר אַ מוטער? חאָטש אַ דאַנק דערפאַר וואָס מען האָט איהר מקבר געווען ווי אַ קריסטין... — פרוי מילאָווידאָוואַ האָט זיך איבער געצלמ׳ט. — פון קינדווייז אָן האָט זי קיינעם ניט געהערט — דעם פאָטערס הויז פערלאָזען... און — גרינג צו זאָגען! — געוואָרען אַן אַקטיאָרקע! לייט ווייסען: פון שטוב האָב איך זי ניט געטריבען: איך האָב זי דאָך ליעב געהאַט! איך בין דאָך אַ מוטער! דאַרף זי דען ביי פרעמדע וואָהנען און דורכשלאָגען זיך?... — דאָ האָט די אלמנה אַרוים געלאָזען אַפּאָר טרעהרען. — און אויב איהר, מיין הערר, — האָט זי ווידער געזאָגט, ווישענדיג די אויגען מיט אַ ברעג טיכעל: — ווילט בלויז וויסען, און איהר מיינט אונז ניט קיין בייז חלילה, נאָר אדרבה, איהר ווילט אונז אַרויסווייזען אייער מיטגעפיהל — דאַן רעדט בעסער מיט מיין צווייטער טאָכטער. זי וועט אייך אַלעם דערצעהלען בעסער פון מיר... —אַננאָטשקאַ! —האָט אויסגעשריהען פרוי מילאָווידאָוואַ:

— אַננאָטשקאַ, קום אַהער! דאָ איז עפּעס אַ הערר פון מאָסקוואַ, וועלבער וויל זיך דורכריידען וועגען קאַטיען!

עס האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטאָהן אין צווייטען צימער; נאָר קיינער איז פון דאָרט ניט אַרויסגעקומען. — אַננאָטשקאַ! — האָט ווידער אַ געשריי געטאָהן די אלמנה: — אַננאַ סעמיאָנאָוונאַ! קום, זאָגט מען דיר!

די טהיר האָט זיך שטיל געעפענט, און אויף׳ן שוועל האָט זיך בעוויזען אַ מיידעל שוין ניט קיין יונגע, מיט אַ קרענקליכען פנים— און ניט קיין שעהנע — נאָר מיט זעלטען שטילע טרויעריגע אויגען. אַראַטאָוו האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, געגאַנגען איהר אַנטקעגען און האָט זיך פאָרגעשטעלט, דערביי האָט ער אָנגערופען זיין פריינד, קופּפער׳ן. — אַה, פיעדאָר פיעדאָראָוויטש! — האָט שטיל אַרויסגעזאָגט דאָס מיידעל און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטוהל.

— נו, אָט, רייד זיך דורך מיט דעם הערן, — האָט צו איהר געזאָגט פֿרוי מילאָווידאָוואַ, שווער אויפֿהייבענדיג זיך פֿון אָרט: — ער האָט זיך בעמיהט, ספּעציעל פֿון מאָסקוואַ צוליעב דעם געקומען, — ער וויל האָבען אויסקינפֿטע וועגען קאַטיע'ן. און איהר, מיין הערר, — האָט זי זיך געווענדעט צו אַראַטאָוו'ן: — ענטשולדיגט... איך וועל אַוועקגעהן, זאָרגען וועגען בעל-הבת'ישקייט. מיט אַננאָ'טשקען קענט איהר זיך גוט דורכריידען — זי וועט אייך וועגען טעאַטער דערצעהלען... און וועגען אַלעס. זי איז ביי מיר אַ קלוגע, אַ געבילדעטע: זי רעדט פראַנצויזיש און לעזט ביכלאַך, ניט ערגער פֿון איהר פֿערשטאָרבענער שוועסטער. זי האָט זי, קאָן מען זאָגען, ערצויגען... זי איז געוועזן די עלטערע, איז דאָס געוועזן איהר אַרבייט.

פֿרוי מילאָווידאָוואַ איז אַוועקגעגאַנגען. פֿערבלייבענדיג אַליין מיט אַננאַ סעמיאָנאָוונאַ'ן, האָט איהר אַראַטאָוו נאָך אַמאָהל איבערגע'חזר'ט זיין רעדע; נאָר פֿון ערשטען קוק, פֿאַרשטעהענדיג, אַז ער האָט צו טאָהן מיט אַ מיידעל, באמת אַ געבילדעטע, ניט מיט אַ קרעמערשע טאָכטער — האָט ער זי אַביסעל מאריך געווען — און בענוצט אַנדערע אויסדריקען; — און ביים ענדע איז ער אַליין געוואָרען אויפֿגערעגט, רויט, און האָט געפֿיהלט, אַז דאָס הארץ קלאַפּט איהם. אַננאַ האָט איהם אויסגעהערט שווייגענדיג, אַוועקלייגענדיג אַ האַנד אויף אַ האַנד; אַ טרויעריגער שמייכעל איז איהר ניט אַראָפּ פֿון געזיכט... אַ ביטערען, נאָך ניט פֿערגאַנגענעם צער, האָט אויסגעדריקט דער שמייכעל.

— איהר האָט געקענט מיין שוועסטער? — האָט זי געפֿרעגט אַראַטאָוו'ן.

— ניין; איך האָב זי אייגענטליך ניט געקענט, — האָט ער געענטפֿערט. — איך האָב זיך געזעהען מיט איהר און האָב זי געהערט איין מאָל... נאָר אייער שוועסטער האָט מען בעדאַרפֿט נאָר איין מאָהל זעהען און הערען...

— איהר ווילט אָנשרייבען איהר ביאָגראַפֿיע? — האָט אַננאַ ווייעדער געפֿרעגט.

אַראַטאָוו האָט ניט ערוואַרט די פֿראַגע; דאָך האָט ער גלייך

געענטפערט, — פאַרוואָס ניט? גאָר דער עיקר, ער האָט געוואָלט בעקענען דעם פובליקום...

אַננאַ האָט איהם אָפּגעשטעלט דורך אַ בעוועגונג מיט'ן האַנד.

— צו וואָס? דאָס פובליקום האָט איהר אַזוי אויך גענוג צרות אָנגעטהאָן; און קאַטיאַ האָט דאָך ערשט אָנגעפאַנגען צו לעבען. נאָר אויב איהר אַליין (אַננאַ האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן און האָט ווידער געשמייכעלט מיט יענעם טרויעריגען, נאָר מעהר פריינד־ליכען שמייכעל... אַזוי ווי זי וואָלט געטראַכט: יאָ, דו ערוועקסט אין מיר צוטרוי)... אויב איהר אַליין האָט צו איהר אַזוי פיעל מיט־געפיהל, דאַן ערלויבט מיר אייך צו בעטען אַריינקומען צו אונז היינט אָוועגד... נאָך מיטאָג. איצט [illegible] איך ניט... אַזוי פלוצלינג... איך וועל צוזאַמען נעהמען מיינע אַלע קרעפטען... איך וועל פרוּ־בען... אַך, איך האָב זי צו שטאַרק ליעב געהאַט!

אַננאַ האָט זיך אָבגעקעהרט; זי איז געוועזען נאָהענט צו וויינען.

אַראַטאָוו האָט זיך פלינק אויפגעהויבען פון שטוהל, געדאַנקט איהר פאַר דער איינלאַדונג, און האָט געזאָגט אַז ער וועט קומען, אומבעדינגט... גאָר ניט אַנדערש! — און איז אַוועק, מיטנעהמענדיג מיט זיך אין דער נשמה דעם איינדרוק פון אַ שטילער שטימע, שטי־לע טרויעריגע אויגען — און אַ בענקענדע ערוואַרטונג.

## XIII.

אַראַטאָוו איז אין דעם זעלבען טאָג ווידער געקומען צו מילאָווידאָוואַ׳ן און האָט גאַנצע דריי שטונדען פערבראַכט מיט אננאַ סעמיאָנאָוונאַ׳ן. פרוי מילאָווידאָוואַ האָט זיך גלייך נאָך מיטאָג — צווי אַ זייגער — געלעגט שלאָפען, און האָט זיך „אָפגערוהט" ביז׳ן אָוונד-טעע, ביז זיעבען אַ זייגער. אַראַטאָוו׳ס געשפּרעך מיט אננאַ׳ן איז אייגענטליך ניט געווען קיין געמיינזאַמע אונטערהאַלטונג: זי האָט כמעט אַליין גערעדט די גאַנצע צייט, פריהער אַביסעל פערהאַקט, שעהמעוודיג, און דערנאָך — גאָכאַנאַנד און מיט היטץ. זי האָט, וואַהרשיינליך, פערגעטערט איהר שוועסטער. דער צוטרוי צו זיך, וואָס אַראַטאָוו האָט אין איהר ערוועקט, איז אַלץ געוואַקסען און שטאַרקער געוואָרען; זי האָט זיך שוין ניט געשטערט; זי האָט שוין אַ צוויי מאָהל אין דער שטיל געוויינט פאַר איהם.

עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ער פערדינט איהר אָפענהערציגקייט און האַרץ־אויסגיסעניש... אין איהר פערזענליך דומפּפען לעבען איז נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט פאָרגעקומען!... און ער... ער האָט געשלונגען יעדען וואָרט.

אָט וואָס ער האָט דערוואוסט... פיעלעס, נאַטירליך, פון האַלבע ווערטער, פון ניט דערזאָגטע... פיעלעס האָט ער אַליין צוגעלעגט.

אין איהר קינדהייט איז קלאַראַ געווען אָהן צווייפעל ניט קיין גוטע קינד; ווען זי איז אַביסעל אונטערגעוואָקסען איז זי ניט פיעל ווייכער געוואָרען: אַ אייגענ-זיננינגע, אַ היטציגע, אַ זעלבסט-ליעבענדע, האָט זי ניט בעזונדערס גוט געשטימט מיט׳ן פאָטער, וועלכען זי האָט געהאַסט פאַר זיין שכרות און פראָסטקייט. ער האָט

דאָס געפֿיהלט און האָט איהר עס ניט געקענט מוחל זיין. איהרע מוזיקאַלישע פֿעהיגקייטען האָבען זיך פֿריה אַרויסגעוויזען; דער פֿאָטער האָט איהר ניט געגעבען קיין געלעגענהייט צו ענטוויקלען זיי, אַנערקענענדיג פֿאַר אמת׳ע קונסט נאָר מאַהלעריי, אין וועלכער ער אַליין האָט זעהר ווייניג אויפֿגעטאָהן, נאָר האָט דאָך מפרנס געווען איהם, און זיין פֿאַמיליע. איהר מוטער האָט קלאַראַ געליעבט... וואָכעדיג, אַזוי ווי אַ דיענסט; איהר שוועסטער האָט זי זעהר הויך געשעצט, חאָטש זי האָט זיך מיט איהר געשלאָגען און געביסען זי... אמת, דערנאָך פֿלעגט זי זיך שטעלען אויף די קניה און פֿלעגט קושען די איינגעביסענע ערטער. זי איז געווען אינגאַנצען פֿייער, אינגאַנצען — ליידענשאַפֿט און אינגאַנצען — ווידערשפרוך; אַ ראַכע־זוכערין און אַ גוטע, גרויסמוטהיג און פֿערביסען; גענלויבט אין מזל און ניט גענלויבט אין גאָט. (די ווערטער האָט אַננאַ אַרויסגעזאָגט מיט שרעק): זי האָט געליעבט אַלעס וואָס איז שעהן, און אַליין וועגען שענהייט ניט געזאָרגט, און האָט זיך אָנגעטאָהן, ווי עס פֿלעגט זיך מאַכען; פֿערטראָגען האָט זי ניט געקענט, אַז יונגע לייט זאָלען איהר נאָכגעהן, און, אין ביכער האָט זי נאָר געלעזען יענע בלעטלאַך, אין וועלכע עס האָט זיך גערעדט וועגען ליעבע: זי האָט ניט געזוכט צו געפֿעללען, ניט ליעב געהאַט קיין צערטליכקייט און האָט צו דער זעלבער צייט ניט פֿערגעסען קיין צערטליכקייט וואָס מען פֿלעגט צו איהר בעוויזען, אַזוי ווי זי האָט ניט פֿערגעסען קיין בעליידיגונג; זי האָט זיך געשראָקען פֿאַרן טויט און אַליין זיך דאָס לעבען גענומען! זי פֿלעגט אָפֿט זאָגען: „אַזאַ ווי איך וויל — וועל איך ניט געפֿינען... און קיין אַנדערע דאַרף איך ניט!" — נו, און אויב דו וועסט יאָ געפֿינען? — האָט אַננאַ זי געפֿרעגט. — „אויב איך וועל געפֿינען — וועל איך איהם נעהמען". — און אויב ער וועט זיך ניט לאָזען?—, נו, דאַן... וועל איך מיט זיך מאַכען אַן ענדע. הייסט דאָס, טויג איך ניט". קלאַראַ׳ס פֿאָטער (ער פֿלעגט אַמאָהל שכור׳ערהייט פֿרעגען דער ווייב: — „פֿון וואַנען איז ביי דיר אָט דער טייוועל, דער שוואַרצער? — ניט פֿון מיר!") — קלאַראַ׳ס פֿאָטער זוכענדיג וואָס גיכער פֿון איהר פטור צו ווערען,

האָט איהר גע׳שדכנ׳ט צו אַ רייכען יונגען סוחר׳ל, אַ נאַרישען, פֿון די „געבילדעטע“. מיט צוויי וואָכען פֿאַר דער חתונה (איהר איז דאַן געווען סך הכל זעכצעהן יאָהר), איז זי צוגעגאַנגען צו איהר חתן, מיט איבערגעלעגטע הענד און שפּילענדיג מיט די פֿינגער אויף די עלענבויגענס (איהר בעליעבטע פּאָזע), האָט זי איהם פּלוצלינג דערלאַנגט אַ פּאַטש איבער זיינע רויטע באַקען, מיט איהר גרויסער, שטאַרקער האַנד! ער איז אויפֿגעשפּרונגען און האָט נאָר דעם מויל פֿאַנאַנדערגעעפֿענט. מען דאַרף אייך זאָגען, אַז ער איז געווען שרעקליך פֿערליעבט אין איהר... ער פֿרעגט איהר: פֿאַרוואָס? האָט זי זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און אַוועקגעגאַנגען. — איך בין דאַמאָלס געווען דאָ אין צימער, — האָט אַננאַ דערצעהלט, — אַליין געווען אַן עדות. איך האָב זיך געלאָזט לויפֿען נאָך איהר, און זאָג איהר: קאַטיאַ, גאָט איז מיט דיר, וואָס טהוסטו? ענטפֿערט זי מיר: — „ווען ער וואָלטווירקליך געווען אַ מענש — וואָלט ער מיך צוגע׳הרג׳ט, און אַזוי איז ער — אַ הוזן אַ צוקראָכענע! און ער פֿרעגט נאָך: פֿאַרוואָס? אויב דו האָסט ליעב און האָסט זיך דערפֿאַר ניט נוקם געווען, טאָ נעהם־זשע צו און פֿרעג ניט: פֿאַרוואָס?... ער וועט קיין מאָהל פֿון מיר גאָר נישט בעקומען — קיין מאָהל אין לעבען ניט!“ און זי האָט טאַקע מיט איהם ניט געהייראַט. באַלד נאָכדעם האָט זי זיך בעקענט מיט דער אַקטריסע און זי האָט פֿערלאָזען אונזער הויז. די מוטער האָט געוויינט, און דער פֿאָטער האָט נאָר געזאָגט: „אַ שלעכטע ציעג — אַרויס פֿון טשערעדע!“ און זאָרגען, זוכען זי, האָט ער ניט געוואָלט. דער פֿאָטער האָט קלאָראַ׳ן ניט פֿערשטאַנען. מיך האָט זי פֿאַר איהר אַוועקפֿאָהרען שיער ניט דערשטיקט אין איהרע אָרעמס, און האָט אַלץ גע׳טענה׳ט: — איך קאָן ניט! איך קאָן ניט אַנדערש!... חאָטש צורייסען אויף העלפֿט, און איך קאָן נישט! אייער שטייג איז צו קליין... ניט פֿאַר מיינע פֿליגלען! און פֿון אייגענעם מזל קאָן מען זיך סיי־ווי־סיי ניט בעהאַלטען.

— נאָך דער מעשה, — האָט אַננאַ בעמערקט: — האָבען מיר זיך מיט איהר זעלטען געזעהן... ווען דער פֿאָטער איז געשטאָרבען איז זי געקומען אַהיים אויף צוויי טעג, קיין זאַך פֿון דער ירושה

ניט געגומען און איז ווייטער פֿערשוואונדען. איהר איז געווען שווער מיט אונז... איך האָב דאָס געזעהען. דערנאָך איז זי שוין געקומען אין קאַזאַן אַלס שוי־שפּילערין.

אַראַטאָוו האָט אָנגעהויבען פֿאַנאַנדערצופֿרעגען אַננאַ'ן וועגען טעאַטער, וועגען די ראָלען אין וועלכע קלאַראַ האָט געשפּיעלט, וועגען איהר ערפֿאָלג... אַננאַ האָט אויף אַלעם געענטפֿערט, נאָר מיט דער זעלבער ביטערער, חאָטש לעבהאַפֿטער בעגייסטערונג. זי האָט זאָגאַר געוויזען אַראַטאָוו'ן אַ פֿאָטאָגראַפֿישע בילד, אויף וועל־כער קלאַראַ איז געווען אַרונטערגענומען אין איינער פֿון איהרע ראָלען. אויפֿ'ן בילד האָט זי געקוקט אָן אַ זייט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אָפּגעקעהרט פֿון די צושויער; די, מיט אַ שטיינגע איבערגע־פֿלאָכטענע, האָר זענען געפֿאַלען ווי אַ שלאַנג אויף איהר נאַקעטע האַנד. אַראַטאָוו האָט לאַנג בעקוקט דאָס בילד, געפֿונען זי פֿאַר עהנליך, געפֿרעגט אויב קלאַראַ האָט ניט געגומען קיין אַנטהייל אין עפֿענטליכע פֿאָרלעזונגען און האָט זיך דערוואוסט, אַז ניט; אַז זי האָט נאָר געדאַרפֿט האָבען די אויפֿרעגונג פֿון טעאַטער, פֿון ביהנע... נאָר אַן אַנדער פֿראַגע האָט געבערענט אויף זיינע ליפּען.

— אַננא סעמיאָנאָוונאַ! האָט ער ענדליך אויסגעשריהען, ניט זעהר הויך, נאָר מיט אַ בעזונדער קראַפֿט: — זאָגט, איך בעט אייך, זאָגט מיר, פֿאַרוואָס האָט זי... פֿאַרוואָס האָט זי זיך ענטשלאָסען אויף אַזאַ שרעקליכען טהאַט?...

אַננאַ האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען. — איך וויים ניט! — האָט זי אויסגערעדט אין אַ ווײַלע אַרום. — ביי גאָט, איך וויים ניט!
— האָט זי פֿאָרטגעזעצט מיט געפֿיהל, בעמערקענדיג, אַז אַראַטאָוו האָט געמאַכט אַ בעוועגונג מיט די הענד, אַזוי ווי ער וואָלט איהר ניט גלויבען. — פֿון דעם ערשטען טאָג וואָס זי איז געקומען, איז זי געווען פֿערטראַכט, אומעטיג. מיט איהר האָט געווים געמוזט עפּעס פּאַסירען אין מאָסקוואַ, וואָס איך האָב ניט געקענט דערגעהן! נאָר פֿאַרקעהרט, אין יענעם שלים־מזל'דיגען טאָג איז זי געווען אויב ניט פֿרעהליכער, אָבער רוהיגער געווים ווי אַלע מאָל. זאָגאַר ביי מיר זענען קיינע שלעכטע פֿאָרגעפֿיהלען ניט געווען, — האָט אַננאַ צו־

געלעגט מיט אַ ביטערן שמייכעל, אַזוי ווי זי וואָלט זיך דערפֿאַר פֿאָרווירפֿע געמאַכט.

— זעהט איהר, — האָט זי ווידער אָנגעהויבען צו ריידען: — ביי קאַטיע'ן איז אַזוי ווי פֿון איהר ערשטען טאָג אָנגעשריבען געוואָרען, אַז זי זאָל זיין אומגליקליך. פֿון איהרע ערשטע יאָהרען איז זי געווען איבערציינגט אין דעם. זי פֿלעגט זיך אַזוי אָנשפּאַרען אויפֿ'ן האַנד, פֿערטראַכטען זיך און זאָגען: „איך האָב ניט פֿיעל צו לעבען!" זי האָט געהאַט אַזעלכע פֿאָרגעפֿיהלען. שטעלט זיך פֿאָר, זי האָט אַ צייט פֿריהער, אַמאָל אין חלום, און אַמאָל אויפֿ'ן וואָהר, געזעהן וואָס מיט איהר וועט זיין! „איך קען ניט לעבען ווי איך וויל, דאַרף מען ניט"... פֿלעגט זי אַלץ זאָגען. — „אונזער לעבען איז דאָך ביי אונז אין די הענד!" און זי האָט דאָס דערוויזען.

אַננאַ האָט די אויגען פֿערדעקט מיט די הענד און איז ענט-שוויגען געוואָרען.

— אַננאַ סעמיאָנאָוונאַ, — האָט אָנגעהויבען אַראַטאָוו, אין אַ ווײַלע אַרום: — איהר האָט פֿיעלייכט געהערט מיט וואָס די צייטונגען האָבען ערקלעהרט...

— מיט אומגליקליכע ליעבע? — האָט אַננאַ איהם איבערגע-שלאָגען די רייד, מיט אַמאָל אַוועקנעהמענדיג די הענד פֿון געזיכט. — דאָס איז רכילות, אויסגעטראַכטע שקרים!... מיין אונבעריהרטע, אונדערגרייכבאַרע קאַטיאַ... קאַטיאַ!... און אומגליקליכע, אָפּגע-שטויסענע ליעבע?! און איך וואָלט דערפֿון ניט געוואוסט?... אין איהר, אין איהר זענען אַלע געווען פֿערליעבט... אָבער זי... און זועמען וואָלט זי דאָ ליעב געהאַט? ווער איז דאָ פֿון די אַלע מענ-שען, וועלכער זאָל איהר ווערט זיין? ווער איז דערוואַקסען צו דער הויכער שטופּע פֿון עהרליכקייט, וואַהרהייט, ריינקייט, דערהויפּט ריינקייט, וואָס איז, ביי אַלע איהרע חסרונות, שטענדיג געשטאַנען פֿאַר איהר? זי אָבגעשטויסען... זי...

אַננאַ'ס שטימע האָט זיך אָפּגעריסען... איהרע פֿינגער האָבען אָנגעהויבען לייכט צו ציטערן. זי איז פּלוצלינג אינגאַנצען רויט גע-וואָרען פֿון פֿערדרוס, און אין דיעזען אויגענבליק — טאַקע נאָר איין אויגענבליק — איז זי געווען עהנליך צו איהר שוועסטער.

אַראַטאָוו האָט זיך גענומען ענטשולדיגען.

— הערט, — האָט איהם וויעדער איבערגעשלאָגען אַננאַ: — איך וויל דורכאויס, אַז איהר זעלבסט זאָלט ניט גלויבען אין דעם ליגען, און איהר זאָלט איהם אויך צושטרויען, אויב ס'איז נאָר מעג-ליך! איהר ווילט דאָך אָנשרייבען עפּעס וועגען איהר, יאָ: אָט האָט איהר אַ געלעגענהייט צו פערטהיידיגען איהר אָנדענקונג! דערפאַר רייד איך מיט אייך אַזוי אָפען. הערט: פון קאַטיאַ'ן איז געבליבען אַ טאַגעבוך...

אַראַטאָוו האָט אַ ציטער געטהאָן. — אַ טאַגע-בוך, — האָט ער שטיל געפּליסטערט.

יאָ, אַ טאַגע-בוך... דאָס הייסט, איינגאַנצען עטליכע ווייטלאַך. קאַטיאַ האָט ניט ליעב געהאַט צו שרייבען... גאַנצע חדשים פלעגט זי גאָרנישט פערשרייבען... און איהרע בריעף זענען אויך געווען קורצע. נאָר זי איז תמיד געווען אמת'דיג, קיינמאָל האָט זי ניט געלייקענט... מיט איהר איינען ליעבע — און פערלייקענען! איך... איך וועל אייך ווייזען דאָס טאַגע-בוך! איהר וועט אַליין זעהן, צי איז געווען אין איהם חאָטש אַ רמז אויף אומגליקליכע ליעבע!

אַננאַ האָט שנעל אַרויסגענומען פון טיש קעסטעל אַ דין העפּ-טיל, אַ זייטליך צעהן, ניט מעהר, און האָט עס דערלאַנגט אראַ-טאָוו'ן. יענער האָט עס גערן אַ חאַפּ געטהאָן, דערקאָנט איהר ניט גלייכען, צושויבערטען האַנד-שריפט, דעם זעלבען האַנד-שריפט פון יענעם ניט אונטערגעשריבענעם בריעף, האָט עס סתם אַנ'עפען געטהאָן, און איז פונקט געקומען צו די שורות:

„מאָסקוואַ. — דינסטאָג... טען יוני. געזוונגען און פאָרגעלעזען אויפ'ן מאָרגען-באַל. היינט איז ביי מיר אַ פּיעל בעדייטענדער טאָג. ער מוז בעשטימען מיין גורל. (דיעזע ווערטער זענען געווען צוויי מאָהל אונטערגעשטריכען.) איך האָב וויעדער דערזעהן...״ דאָ האָבען געפּאָלגט גוט אויסגעמעקטע שורות. און נאָכדעם: „ניין, ניין, ניין!... מען דאַרף זיך וויעדער נעהמען פאַר דאָס פריהעריגע, אויב נאָר...

אַראַטאָוו האָט אַראָפּגעלאָזען די האַנד, אין וועלכער ער האָט געהאַל-טען דעם העפּט, און זיין קאָפּ האָט זיך שטיל אַראָפּגעבויגען צום האַרצען.

— לעזט! — האָט אַננאַ אויסגעשריהען. — פאַרוואָס לעזט

איהר ניט? לעזט פֿון אָנפֿאַנג... דאָ איז איננאַנצען פֿינף מינוט לעזען, האָטש דאָס טאַגע-ביכעל ציהט זיך אויף גאַנצע צוויי יאָהר. אין קאַזאַן האָט זי שוין גאָרנישט פֿערשריבען...

אַראַטאָוו האָט זיך לאַנגזאַם אויפֿגעהויבען פֿון שטוהל, און האָט זיך אַזוי אַרונטערגעלאָזען אויף די קניה פֿאַר אַננאַ'ן.

יענע איז פֿערשטוינערט געוואָרען פֿון פֿערוואונדערונג און שרעק.

— גיט... גיט מיר דאָס טאַגע־בוך, — האָט אַראַטאָוו גערעדט מיט אַ פֿערקלעמטער שטימע, און האָט אויסגעצויגען צו איהר ביידע הענד. — גיט מיר עס... און דאָס בילד... איהר האָט געוויס נאָך איינס — און דאָס טאַגע-בוך וועל איך אייך צוריקקעהרען... נאָר איך דאַרף עס, איך מוז...

אין זיין געבעט, אין זיינע צוקרימטע געזיכטס-שטריכען איז געווען אַזוי פֿיעל פֿערצווייפֿלונג, וואָס איז דערגאַנגען ביז צו רשעות, צו יסורים... און ער האָט באמת געליטען. ער האָט זיך אַליין ניט געקאָנט פֿאָרשטעלען, אַז אויף איהם וועט קומען אַזאַ אומגליק, און ער האָט נערוועז געבעטען וועגען ערבאַרעמונג, הילף...

— גיט, — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט.

— איהר... איהר זענט געווען פֿערליעבט אין מיין שוועסטער?

— האָט ענדליך אַננאַ אַרויסגערעדט.

אַראַטאָוו איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די קניה.

— איך האָב זי איננאַנצען צוויי מאָהל געזעהען... גלויבט מיר!... און אויב מיך וואָלטען ניט בעוועגט דערצו קיינע אורזאַ־כען, וועלכע איך אַליין קען ניט פֿאַרשטעהן און קען גוט ניט ער־קלעהרען... אויב עס וואָלט ניט געווען איבער מיר אַ קראַפֿט, וואָס איז שטאַרקער פֿון מיר... וואָלט איך אייך ניט געבעטען... איך וואָלט ניט געקומען צופֿאָהרען אַהער. איך דאַרף... איך מוז... איהר אַליין האָט דאָך געזאָגט, אַז איך בין פֿערפֿליכטעט ריכטיג אויפֿצו-שטעלען איהר געשטאַלט!

— און איהר זענט ניט געווען פֿערליעבט אין מיין שוועס־טער? — האָט אַננאַ ווידער געפֿרעגט.

אַראַטאָוו האָט ניט באַלד געענטפֿערט און האָט זיך לייכט אָבגעקעהרט, אַזוי ווי פֿון אַ וועהטאָג.

— נו, יאָ! געווען! — איך בין נאָך איצט אויך פֿער־ליעבט... — האָט ער אויסגעשריהען מיט דער זעלבער פֿערצווייפֿלונג.

עס האָבען זיך דערהערט טריט אין צווייטען צימער.

— שטעהט אויף... שטעהט אויף... — האָט שנעל געזאָגט אַננאַ, — די מוטער געהט צו אונז.

אַראַטאָוו האָט זיך אויפֿגעהייבען.

— און נעהמט דאָס טאַגע־בוך מיטן בילד, זאָל זיין! אָרעמע, אָרעמע קאַטיאַ! נאָר דאָס טאַגע־בוך זאָלט איהר מיר צוריק קעה־רען, — האָט זי שנעל צוגעגעבען, — און אויב איהר וועט וואָס ניט איז אָנשרייבען, זאָלט איהר מיר אונבעדינגט צושיקען... איהר הערט?

דאָס אַריינקומען פֿון דער פֿרוי מילאָווידאָוואַ האָט אַראַטאָוו'ן בעפֿרייט פֿון צו ענטפֿערן. ער האָט דאָך בעוויזען איינצורוימען:— איהר זענט אַ מלאך! איך דאַנק אייך! איך וועל צושיקען אַלעס, וואָס איך וועל שרייבען...

די פֿרוי מילאָווידאָוואַ, ערשט פֿון שלאָף, האָט גאָרנישט בעמערקט. אַזוי איז אַראַטאָוו אַוועקגעפֿאָהרען פֿון קאַזאַ'ן מיט'ן בילד אין בוזעם קעשענע פֿון זיין ראָק. דאָס העפֿט'ל האָט ער צוריקגעקעהרט אַננאַ'ן, נאָר, ווען זי האָט ניט בעמערקט, האָט ער אויסגעשניטען דאָס בלעטיל, אויף וועלכען עס האָבען זיך געפֿונען די אונטערגעשטריכענטע ווערטער. אויפֿ'ן וועג צוריק האָט איהם וויעדער אַרומגענומען אַ פֿערגליווערונג. חאָטש אין דער שטיל האָט ער זיך געפֿרעהט וואָס ער האָט אויסגעפֿיהרט דאָס, נאָך וואָס ער איז געפֿאָהרען, פֿונדעסטוועגען האָט ער אַלע געדאַנקען וועגען קלאַראַ'ן אָפּגעלעגט ביז ער וועט זיין אין דערהיים. פֿיעל מעהר האָט ער געדענקט וועגען איהר שוועסטער אַננאַ'ן. — אָט, האָט ער געטראַכט, איז אַ וואונדערבאַרע, סימפּאַטישע בעשעפֿעניש! וואָס פֿאַר אַ עדעלער פֿערשטעהן אַלעס, ס'אַראַ ליעבענדע האַרץ, ס'אַראַ איינפֿאַכקייט! און ווי אַזוי ביי אונז, אין דער פּראָווינץ — און נאָך ביי אַזעלכע בעדינגונגען—וואַקסען אויס אַזעלכע מיידלאַך! — זי איז קרענקליך, און ניט שעהן, און ניט יונג, — אָבער וואָס פֿאַר אַ טייערע לעבענס־פֿריינדין זי וואָלט געווען פֿאַר אַן אַנשטענדיגען,

געבילדעטען מענשען ! אָט, אין וועמען מען האָט זיך געדאַרפֿט פֿערליעבען !... — אַראַטאָוו האָט אַזוי געטראַכט... נאָר קומענדיג אַהיים האָט די זאַך אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערע ווענדונג.

---

## XIV.

פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך זעהר שטאַרק דערפֿרעהט מיט'ן פלימעניק'ם צוריק קומען. וואָס האָט זי שוין ניט איבערגע־טראַכט פֿאַר דער צייט פֿון זיין אָבוועזענהייט! „צום וועניגסטען, אין סיביר!" האָט זי שטיל געשעפּטשעט זיצענדיג ביי זיך אין צי־מער: „צום וועניגסטען אויף אַ יאָהר!" — דערצו האָט זי נאָך די קעכין געשראָקען מיט איהרע נייעסען, וואָס זי פֿלעגט יעדעס מאָהל ברייננגען, אַז מען האָט צוגענומען דאָס דעם, דאָס יענעם יונגען מאַן, וואָס האָט מיט זיי געוואָהנט בשכנות. יאַשעס אונשולדיגקייט און אָרענטליכקייט האָבען זי אויף אַ האָר ניט בערוהיגט. —„ווייל... מאַלע וואָס! — ער בעשעפֿטיגט זיך מיט פֿאָטאָגראַפֿיע... נו, איז גענוג! נעהמט מען איהם!" — און דאָ האָט זיך איהר יאַשענקע צו־ריקגעקעהרט פֿריש און געזונד! אמת, זי האָט בעמערקט, אַז ער איז אַראָפּ פֿון געזיכט — נו, ס'פֿערשטעהט זיך: אָהן אויפֿפּאַסונג! — נאָר פֿאַנאַנדערפֿרעגען איהם וועגען זיין רייזע האָט זי ניט גע־וואַגט. זי האָט איהם געפֿרעגט ביי מיטאָג: — אַ שעהנע שטאָדט קאַזאַן? — אַ שעהנע, האָט אַראַטאָוו געענטפֿערט. — מען זאָגט, אַז דאָרט וואוינען נאָר טאַטאַרען? — ניט נאָר טאַטאַרען אַליין. — און אַ חאַלאַט האָסטו פֿון דאָרט ניט געבראַכט? — ניין, ניט געבראַכט. — דערמיט האָט זיך זייער געשפרעך געענדיגט.

אָבער ווי נאָר אַראַטאָוו איז פֿערבליבען אַליין אין זיין קאַבי־נעט — האָט ער באַלד דערפֿיהלט, אַז ער איז ווידער בעהערשט, אמת בעהערשט פֿון אַנאַנדער לעבען, פֿון אַן אַנדער וועזען. ער האָט געזאָגט אַננאַ'ן — אין יענעם מאָמענט פֿון אויפֿרעגונג,— אַז ער איז פֿערליעבט אין קלאַראַ'ן — נאָר דיעזער וואָרט האָט זיך

איהם געדאַכט געדאַנקענלאָז און ווילד. — ניין, ער איז ניט פֿער־ליעבט; ווי אַזוי קען מען זיך פֿערליעבען אין אַ טוידטער, וועלכע איז איהם זאָגאַר ביים לעבען ניט געפֿעלען געוועזן, וועלכע ער האָט כמעט פֿערגעסען? — ניין! נאָר ער איז בעהערשט.. בעהערשט פֿון איהר... ער געהערט ניט מעהר צו זיך. ער איז געפֿאַנגען. געפֿאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער פּרובט זיך זאָגאַר ניט צו בעפֿרייען — ניט מיט'ן אויסלאַכען, זיין אייגענע נאַרישקייט, ניט מיט'ן אויפֿוועקען אין זיך — אויב ניט קיין געפֿיהל, איז כאָטש אַ האָפֿנונג, אַז דאָס אַלעס וועט אַריבער, אַז דאָס איז נאָר נערוועז, — ניט מיט זוכען דערצו בעווייזע, — ניט מיט עפּעס אַנדערש! — „וועל איך בעגע־גענען — וועל איך געהמען" — האָבען זיך איהם דערמאָהנט קלאַ־ראַ'ס ווערטער, וועלכע אַננאַ האָט איהם איבערגעגעבען... אָט, איז ער געקומען. — זי איז דאָך אָבער טוידט? יאָ; דער גוף... אָבער די נשמה? — איז זי דען ניט אונשטערבליך... דאַרף זי דען די ערדישע מיטלען אום ארויסצוווייזען איהר מאַכט? — אָט האָט אונז מאַגנעטיזם דערוויזען די ווירקונג פֿון איין לעבעדיגע מענשליכע נשמה אויף דער צווייטער... פֿאַרוואָס זאָל די ווירקונג ניט קענען בלייבען אויך נאָכ'ן טוידט, ווי באַלד אַז די נשמה לעבט? — אַי צוליעב וואָס? וואָס קען דערפֿון אַרויסקומען? — נאָר ווייסען מיר דען אפנים אין אַלגעמיין, דעם ציעל פֿון אַלעס, וואָס קומט פֿאָר אַרום אונז? דיעזע געדאַנקען האָבען אַזוי פֿיעל אינטערעסירט אַראַ־טאָוו'ן, דאָס ער האָט פּלוצלינג, ביים טהעע, אַ פֿרעג געטהאָן פּלאַטאָשען: אויב זי גלויבט אין דער אונשטערבליכקייט פֿון דער נשמה? — יענע האָט צום אָנהויב ניט פֿערשטאַנען, וואָס אַזוינס ער פֿרעגט — און דערנאָך האָט זי זיך איבער גע'צלם'ט און גע־ענטפֿערט, אַז ווי־זשע קען אַנדערש זיין, אַ נשמה — און זאָל ניט זיין אונשטערבליך! — און אויב אַזוי, צי קען זי טהאָן עפּעס נאָכ'ן טויט? — האָט ווידער געפֿרעגט אַראַטאָוו. די אַלטע האָט גע־ענטפֿערט, אַז זי קען... מתפלל זיין פֿאַר אונז, הייסט דאָס; און דאָס נאָר, ווען זי געהט דורך אַלע שבעה מדורי גיהנם — ערוואַרטענדיג איהר משפט. און די ערשטע פֿערציג טעג שוועבט זי נאָר אַרום נעבען יענעם אָרט, וואו דער טויט האָט זי געטראָפֿען.

— די ערשטע פֿערציג טעג?

— יאָ; דערנאָך הויבט זיך אָן דאָס אָפּקומעניש.

אַראַטאָוו האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי די מוהמע ווייס דאָס פֿון אַלעס — און איז אַוועק צו זיך. — און ער האָט ווידער דערפֿיהלט דאָס זעלבע וואָס פֿריהער, די זעלבע מאַכט איבער זיך. איהר הער-שאַפֿט האָט זיך אַרויסגעצייגט אין דעם, וואָס איהם האָט זיך נאָכ-אַנאַנד פֿאָרגעשטעלט קלאַראַ'ס געשטאַלט, מיט די קלענסטע איינ-צעלהייטען, אַזעלכע איינצעלהייטען, וועלכע ער האָט ביי איהר לעבען כמעט ניט בעמערקט: ער האָט געזעהען... געזעהען איהרע פֿינגער, נעגעל, לאָקאָנעס האָאָר אויף איהרע באַקען, איבער די שלייפֿען, אַ קליינעם שפּרינקעלע אונטערן לינקען אויג; געזעהען די בעוועגונג פֿון איהרע ליפּען, נעזעליכער און ברעמען... און ווי זי געהט—און ווי זי האַלט דעם קאָפּ אַביסעל אויפֿ'ן רעכטען זייט... אַלץ האָט ער געזעהען! — ער איז גאָר ניט געווען אַזוי ענטציקט דערמיט; ער האָט אָבער ניט געקענט ניט טראַכטען דערפֿון און ניט זעהען דאָס. — די ערשטע נאַכט נאָך זיין צוריקקומען, האָט זיך איהם, פֿונדעסטוועגען, ניט געחלומ'ט... ער איז געווען זעהר מיעד, און האָט געשלאָפֿען, ווי אַ גע'הרג'עטער. דערפֿאַר, ווי נאָר ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט — איז זי צוריק אַריין אין זיין צימער — און איז אַזוי פֿערבליבען דאָרט — אַזוי ווי אַ בעל־הבית'טע; פּונקט ווי זי וואָלט מיט איהר פּרייוויליגען טוידט געקויפֿט זיך דאָס רעכט דערצו, ניט פֿרעגענדיג איהם און ניט נויטהענדיג זיך אין זיין ער-לויבניש. ער האָט גענומען איהר פֿאָטאָגראַפֿישע בילד; אָנגעהויבען זי איבער קאָפּירען, פֿערגרעסערען. דערנאָך האָט זיך איהם פֿער-וואָלט זי לייגען אונטערן סטערעאָסקאָפּ. אַרבייט דערביי, האָט ער געהאַט אַפּולע... ענדליך, איז איהם דאָס געלונגען. ער האָט אַזש אויפֿגעציטערט ווען ער האָט דערזעהן אונטערן גלאָז איהר פֿיגור, וואָס האָט בעקומען אַ הויט קאָליר. נאָר די די פֿיגור איז געווען גראָהליך, אַזוי ווי פֿערשטויבט... און דערצו, די אויגען... די אויגען האָבען אַלץ געקוקט אָן אַ זייט, אַלץ אַזוי ווי אָפּגע-קעהרט. ער האָט גענומען לאַנג, לאַנג קוקען אויף זיי, אַזוי ווי ער וואָלט ערוואַרט, אַז אָט אָט וועלען זיי זיך אַ קעהר טאָהן אויף

זיין זייט... ער האָט זאָגאַר בכיוון אַ ווײַלע האַלב פֿערמאַכט די אויגען... נאָר די אויגען זענען געבליבען אונבעוועגליך, און די גאַנצע פֿיגור האָט בעקומען דעם אויסזעהען פֿון אַ ליאַלקע. ער איז אַוועק פֿון דאָרט, אַרײַנגעוואָרפֿען זיך אין פֿאָטעל, בעקומען דעם אויסגעריסענעם בלעטיל פֿון איהר טאָגע־בוך, מיט די אונטערגע־שטריכענע ווערטער — און האָט געטראַכט: „מען זאָגט דאָך, אַז פֿערליעבטע קושען די שורות וואָס זענען געשריבען מיט זייער גע־ליעבטעס האַנד — און מיר ווילט זיך דאָס ניט טאָהן — און דער האַנד־שריפֿט דאַכט זיך מיר — ניט בעזונדערס שעהן. נאָר אין דער שורה איז מיין אורטהייל." — דאָ איז איהם אײַנגעפֿאַלען זיין פֿער־שפּרעכונג צו אַננאַ'ן וועגען דעם אַרטיקעל. ער האָט זיך געזעצט צום טיש און גענומען זיך פֿאַרן שרייבען; נאָר אַלץ איז ביי איהם אַרויסגעקומען אַזוי פֿאַלש, אַזוי פֿראַזען־מעסיג... איבערהויפּט, אַזוי פֿאַלש... אַזוי ווי ער וואָלט ניט געגלויבט ניט אין דעם וואָס ער שרייבט, ניט אין זיינע אייגענע געפֿיהלען... אפילו קלאַראַ זעלבסט האָט זיך איהם איצט געדאַכט פֿאַר אומבעקאַנט, אונפֿערשטענדליך! עס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען! — „ניין! — האָט ער גע־טראַכט ווארפֿענדיג די פֿעדער: אָדער שרייבעריי איז איבערהויפּט ניט פֿאַר מיר קיין אַרבייט, אָדער מען דאַרף נאָך אויסוואַרטען אַבי־סעל!" — ער האָט אָנגעהויבען צו דערמאָהנען זיין פֿערשפּרעכונג, וואָס ער האָט געמאַכט ביי מילאָווידאָווע'ן — און די גאַנצע ער־צעהלונג אַננאַ'ס, דער גוטער, וואונדערבאַרער אַננאַ'ס... איהר וואָרט: „אונבעריהרטע!" האָט איהם פּלוצלינג איבעררעשט. אַזוי ווי דאָס וואָלט איהם אי אַ ברען געגעבען אי אַ שטראַהל געטהאָן.
— יאָ, — האָט ער הויך געזאָגט: — זי איז אַן אונבעריהרטע — און איך בין אַן אונבעריהרטער... אָט, וואָס האָט איהר געגעבען די מאַכט!

די געדאַנקען וועגען דער אונשטערבליכקייט פֿון נשמה, וועגען יענער וועלט האָבען איהם ווידער בעאונרוהיגט. — שטעהט דען ניט אין דער ביבעל: „אָה טויט, וואָס איז דיין גיפֿט?" און ביי שילער'ן „און די טויטע וועלען לעבען!" — אָדער אָט איז נאָך, דאַכט זיך, ביי מיצקעוויטש'ן: „איך וועל ליעב האָבען ביז'ן ענדע פֿון לעבען...

און נאָכ'ן ענדע פון לעבען!" — און אַן ענגלישער שרייבער האָט געזאָגט: „ליעבע איז שטאַרקער פון טויט!" — דער ביבלישער פסוק האָט אַ בעזונדערען שטאַרקען איינדרוק געמאַכט אויף אַראַטאָוו'ן. — ער האָט געוואָלט אויפזוכען דעם אָרט, וואו עס געפינען זיך דיעזע ווערטער... איז ביי איהם קיין ביבעל ניט געוועזען; ער איז אַוועק צו פּלאַטאָשען בעטען די ביבעל. יענע האָט זיך פערוואונדערט; זי האָט פונדעסטוועגען אַרויסגענומען אַן אַלט — אַלט בוך אין אַן אויסגעריבענעם לעדערנעם באַנד, מיט קופערנע העקלאַך, אינגאַנצען פערקאַפּעט מיט וואַקס — און האָט עס דערלאַנגט אַראַטאָוו'ן. ער האָט אַוועקגעטראָגען די ביבעל צו זיך אין צימער — נאָר ער האָט לאַנג ניט געפונען דעם פסוק... דערפאַר האָט זיך איהם אויפגעמישט אַן אַנדער זאַך.

„עס קען ניט זיין קיין גרעסערע ליעבע ווי פון דעם, ווער עס לייגט אַוועק זיין נשמה פאַר זיינע פריינד (עוואַנגעליאום, יאָהאַן XV,13).

ער האָט געטראַכט: „ניט אַזוי שטעהט געשריבען. — עס האָט געדאַרפט זיין: קיינער גרעסערע קראַפט קאָן ניט זיין..."

„און טאָמער האָט זי גאָר ניט צוליעב מיר אַוועקגעלעגט איהר נשמה? — טאָמער איז זי גאָר דערפאַר בעגאַנגען זעלבסט-מאָרד, ווייל דאָס לעבען איז איהר געוואָרען איבערדריסיג? — טאָמער איז זי גאָר דאַן ניט געקומען אין בולוואַר צוליעב ליעבעס-אינטערעסען?

נאָר אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט קלאַראַ פאַר'ן שיידען זיך אין בולוואַר... ער האָט דערמאָהנט דעם ביטערען אויסדריק פון איהר געזיכט — און די טרעהרען, און די ווערטער: — אַך, איהר האָט גאָרנישט פערשטאַנען.

ניין! ער האָט ניט געקענט צווייפלען אין דעם צוליעב וואָס און צוליעב וועמען זי האָט דאָס לעבען געלעגט...

אַזוי איז אַריבער דער גאַנצער טאָג, ביז נאַכט.

---

## XV.

אַראַטאָוו איז געגאַנגען צום בעט פֿריה, אָהן אַ בעזונדערן חשק צו שלאָפֿען; ער האָט געהאַפֿט צו געפֿינען רוהע אין בעט. דער אָנגעשטרענגטער צושטאַנד פֿון זיינע נערוועןן האָט איהם פֿערשאַפֿט אַ מעהר אונערטרעגליכע פֿהיזישע מיעדקייט, ווי זיין רייזע. פֿונ־דעסטוועגען, ווי גרויס עס איז ניט געווען זיין מיעדקייט, האָט ער דאָך ניט געקענט איינשלאָפֿען. ער האָט פּרובירט לעזען... נאָר די שורות זענען איהם געלאָפֿען פֿאַר די אויגען. ער האָט פֿערלאָשען דאָס ליכט, — און עס איז געוואָרען פֿינסטער אין צימער. — נאָר ער איז געבליבען אַזוי ליגען אין בעט מיט געשלאָסענע אויגען... און — איהם האָט זיך אויסגעדאַכט: עמיצער שושקעט איהם אויפֿ'ן אויער... „דאָס קלאַפּט די האַרץ, דאָס רוישט דאָס בלוט", האָט ער געטראַכט... נאָר דאָס שטילע שושקען איז איבערגעגאַנגען אין גאַנצע ווערטער. עמיצער האָט גערעדט רוסיש זעהר שנעל, קלאָגענדיג און אונפֿערשטענדליך. קיין איינציגען וואָרט האָט מען ניט געקענט אונטערשיידען... נאָר דאָס איז געווען קלאַראַ'ס שטימע!

אַראַטאָוו האָט געעפֿענט די אויגען, האָט זיך אַביסעל אַרויפֿ־געהויבען אויפֿ'ן עלענבויגען... די שטימע איז געוואָרען שוואַכער, אָבער זי האָט נאָך אַלץ פֿאָרטגעזעצט איהר קלאָגענדען, האַסטיגען, ווי פֿריהער אונפֿערשטענדליכען רעדען...

דאָס איז אָהן צווייפֿעל קלאַראַ'ס שטימע.

עמיצענס פֿינגער זענען לייכט געלאָפֿען איבער די פּיאַנאָ קלאַ־ווישען... דערנאָך האָט די שטימע ווידער אָנגעהויבען צו רעדען. עס האָבען זיך דערהערט מעהר פֿאַנאַנדערגעצויגענע קלאַנגען... אַזוי־

ווי קרעכצען... נאָכאַנאַנד איינע און די זעלבע. דערנאָך האָט זיך שוין אָנגעהויבען הערען ווערטער...

„בלומען... בלומען... בלומען..."

— בלומען, — האָט אין דער שטיל איבערגעזאָגט אַראַטאָוו. — אַך, יאָ! דאָס זענען יענע בלומען וואָס איך האָב געזעהען אויפ׳ן קאָפּ פון יענער פרוי, אין חלום...

„בלומען" האָט זיך ווידער געהערט.

— דאָס ביזט דו? — האָט געפרעגט אַראַטאָוו מיט׳ן זעלבען שטילען גערויש.

די שטימע איז ענטשוויגען געוואָרען.

אַראַטאָוו האָט געוואַרט... געוואַרט — און געוואָרפען דעם קאָפּ אויפ׳ן קישען. „דאָס דאַכט זיך מיר נאָר" — האָט ער גע־טראַכט. — אָבער, ווי איז... אויב זי איז טאַקע דאָ, נאָהענט?... ווען איך וואָלט זי דערזעהן — וואָלט איך זיך דערשראָקען? — אָדער דערפרעהט? נאָר פאַרוואָס וואָלט איך זיך דערשראָקען? וואָס וואָלט מיך געפרעהט? מסתמא דערפאַר: דאָס וואָלט געווען אַ בעווייז, אַז ס׳איז דאָ אַ יענע וועלט, אַז די נשמה איז אונשטערבליך. — נאָר, צוריקגערעדט, ווען איך זאָל זי אפילו יאָ זעהען — קען דאָך זיין, אַז מיר דאַכט זיך נאָר..."

פונדעסטוועגען האָט ער אָנגעצונדען אַ ליכט — און מיט אַ שנעלען בליק, ניט גאָר אָהן שרעק, איז ער אַרומגעלאָפען דעם צי־מער... און האָט קיין אויסערגעוועהנליכע זאַך ניט געזעהען. ער איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צום סטערעאָסקאָפ... ווידער די זעלבע גראָהע ליאַלקע מיט אויגען וואָס קוקען אָהן אַ זייט. דאָס געפיהל פון שרעק האָט זיך ביי אַראַטאָוו׳ן פערביטען אויף אַ געפיהל פון פערדרוס. ער האָט זיך אַזוי ווי אָפּגענאַרט אין זיינע האָפנונ־גען... און לעכערליך האָבען איהם אויסגעזעהען די האָפנונגען זעלבסט — דאָס איז דאָך, סוף כל סוף, נאַריש! — האָט ער גע־געמורמעלט צוריק לעגענדיג זיך אין בעט, און האָט פערלאָשען דאָס ליכט. ווידער האָט געהערשט אַ טיעפע פינסטערניש.

אַראַטאָוו האָט איצט בעשלאָסען איינצושלאָפען... נאָר ביי איהם איז ענטשטאַנען אַ ניי געפיהל. איהם האָט זיך גערעכט, אַז

עמיצער שטעהט אין מיטען צימער, ניט ווייט פֿון איהם — און אָטהעמט קוים צו בעמערקען. ער האָט זיך שנעל אַ דרעה געטהאָן, געעפֿענט די אויגען... נאָר וואָס האָט מען געקענט זעהן אין אַזאַ שטאַרקע פֿינסטערניש? — ער האָט גענומען זוכען אַ שוועבעלע אויף'ן נאַכט-טישעל... און פלוצלינג האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז עפּעס אַ ווייבער, שטילער ווינטעל האָט זיך דורכגעטראָגען דורכ'ן צימער, דורך איהם, פֿערביי איהם — און דאָס וואָרט „איך"! האָט דייטליך אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן.

— „איך!... איך!..."

עס זענען אַריבער עטליכע סעקונדען, ביז ער האָט בעוויזען אָנצוצינדען פֿייער.

אין צימער איז ווידער קיינער ניט געווען — און ער האָט שוין קיין זאַך ניט געהערט, אויסער דעם אָפּגעהאַקטען קלאַפּען פֿון זיין אייגענע האַרץ. ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַסער — און איז געבליבען אונבעוועגליך, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף'ן האַנד. ער האָט געוואַרט.

ער האָט געטראַכט:

„איך וועל וואַרטען, אָדער דאָס איז גאָרנישט... אָדער זי איז דאָ. זי וועט זיך דאָך מיט מיר ניט שפּילען אין קאַטצען-מויז!" ער האָט געוואַרט, לאַנג געוואַרט... אַזוי לאַנג, אַז די הענד, מיט וועלכע האָט דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט, האָבען איהם אָפּגענומען... נאָר ניט איינע פֿון די פֿריהעריגע איינדריקע האָבען זיך ווידער-האָלט. אַמאָל צוויי האָבען זיך זיינע אויגען צוזאַמענגעקלעפּט... ער האָט זיי גלייך אויפֿגעעפֿענט... יעדענפֿאַלס האָט זיך איהם גע-דאַכט אַז ער עפֿענט זיי. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך געצויגען צום טהיר און זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף איהר. דאָס ליכט האָט געהאַלטען אין אויסגעהן און אין צימער איז ווידער געוואָרען פֿינס-טער... נאָר די טהיר האָט אויסגעזעהען ווי אַ גרויסער, ווייסער פֿלעק אין דער דונקעלהייט. און אָט דער פֿלעק האָט זיך בעוועגט, געוואָרען קלענער, אינגאַנצען פֿערשוואונדען... און אויף זיין אָרט, ביים שוועל פֿון טהיר, האָט זיך בעוויזען אַ פֿרויען-פֿיגור. אַראַטאָוו האָט זיך איינגעקוקט... קלאַראַ! אויך דאָס מאָל קוקט זי גלייך

אויף איהם, רוקט זיך צו איהם נעהענטער... אויף׳ן קאָפּ טראָגט זי אַ קראַנץ פון רויטע בלומען... ער האָט זיך אינגאַנצען געוויעגט, אויפגעהויבען זיך...

פאַר איהם שטעהט זיין מוהמע, אין אַ נאַכט-הייבעל מיט אַ גרויסע רויטע שטענגע אין אַ ווייסען יאַק.

— פלאַטאָשאַ! — האָט ער מיט מאַטערניש אויסגערעדט. — דאָס זענט איהר?

— דאָס בין איך, — האָט געענטפערט פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוו-נאַ. — איך, יאַשענקאַ, איך.

— נאָך וואָס זענט איהר געקומען?

— דו האָסט דאָך מיך אויפגעוועקט. פריהער האָסטו אַזוי ווי געוויינט... דערנאָך האָסטו אָנגעהויבען צו שרייען: — ראַטעוועט! העלפט!

— איך האָב געשריהען?

— יאָ, געשריהען — און מיט אַזאַ פערשטיקטער שטימע: ... ראַטעוועט! איך האָב געטראַכט: גאָט מיינער! צי איז ער ניט קראַנק? און איך בין אַריינגעגאַנגען. ביזטו געזונד?

— גאַנץ געזונד.

— נו, הייסט דאָס, האָט זיך דיר אַ בייזער חלום גע׳חלום׳ט. ווילסט, איך זאָל מיט ווייִרעך אויסרויכערן?

אַראַטאָוו האָט זיך נאָך אַמאָל שטאַרק איינגעקוקט אין דער מוהמען — און האָט זיך אויף פאַנאַנדערגעלאַכט... דאָס געזיכט פון דער גוטער אַלטיטשקער מיט׳ן הייבעל מיט׳ן יאַקעל, איז געווען, ווירקליך, זעהר קאָמיש. דאָס גאַנצע געהיימניספאָלע, וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט, וואָס האָט איהם געדריקט — איז מיט אַמאָל אַוועקגעפלויגען.

— ניין, פלאַטאָשאַ, טייערע, מען דאַרף ניט, — האָט ער גע-זאָגט. — איך בעט אייך ענטשולדיגונג, וואָס איך האָב אייך ניט ווי-לענדיג בעאונרוהיגט. שלאָפט געזונד—און איך וועל אויך איינשלאָפען.

פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ איז נאָך אַוויילע געשטאַנען אויף איהר אָרט, געוויזען אויף׳ן ליכט, און געבורטשעט: פאַרוואָס פאַרלעשטו ניט... עס קען דערפון חלילה זיין אַן אומגליק! — און אַוועקגע-

ענדיג האָט זי ניט געקענט, אַז זי זאָל איהם חאָטש פֿון ווייטען ניט איבער׳צלם׳ן.

אַראַטאָוו איז לאַנגזאַם איינגעשלאָפֿען — און איז געשלאָפֿען ביז אין דערפֿריה. ער איז אויפֿגעשטאַנען זעהר מונטער... חאָטש ער האָט עפּעס־וואָס בעדויערט...

ער האָט זיך געפֿיהלט לייכט און פֿריי. „ס׳אַראַ ראָמאַנטישע מעשות, אָהאָ", האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין מיט אַ שמייכעל. ער האָט קיין איינציגען מאָל ניט אַקוק געטהאָן ניט אויפֿ׳ן סטע־רעאָסקאָפּ, ניט אויפֿ׳ן אויסגעריסענעם בלעטיל. פֿונדעסטוועגען איז ער גלייך נאָך מיטאָג אַוועקגעגאַנגען צו קופֿפֿערן.

וואָס האָט איהם אַהינצו געצויגען... האָט ער קוים בעגריפֿען.

---

# XVI.

אַראַטאָוו האָט זיין היציגען פריינד געטראָפען אין שטוב. געשמועסט מיט איהם אַביסעל, פאָרווירפע געמאַכט, פאַר וואָס ער האָט אינגאַנצען פאַרגעסען איהם מיט זיין מוהמען, — אויסגעהערט נייע שבחים וועגען דער גאָלדענער פרוי, די פירשטין, פון וועלכער קופפער האָט אָקערשט בעקומען פון יאַראָסלאַוול אַ מיצקע, אויסגענעהט פון פיש־אָדערלעך... און פלוצלינג, אַוועקזעצענדיג זיך קעגענאיבער קופפער'ן און אַריינקוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען, האָט ער איהם געזאָגט, אַז ער איז געווען אין קאַזאַן.

—דו ביסט געווען אין קאַזאַן? נאָך וואָס?

—מיר האָט זיך געוואָלט צונויפזאַמלען ידיעות וועגען אָט דער ... קלאַראַ מיליטש.

— וועגען יענער וואָס האָט זיך פער'סם'ט?

— יאָ.

קופפער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפ. — אַזאַ מענש ביזטו! און נאָך פון די שטילינקע! טוויזענד וויאָרסט געבראָכען זיך הין און צוריק... צוליעב וואָס? האַ? וואָלט חאָטש דאָ געווען אַ פרויען־אינטערעס! דאַן פערשטעה איך אַלעס! אַלע משוגעת'ן!— קופפער האָט אַ טרייסעל געטאָהן מיט די האָהר. — אָבער בלויז צו זאַמלען „מאַטעריאַל" — ווי מען זאָגט ביי אייך — ביי די געלעהרטע... דאָס ניט! דערויף איז פאַראַן אַ סטאַטיסטישער קאָמיטעט! — נו וואָס, האָסטו זיך חאָטש בעקענט מיט דער אַלטער און מיט קלאַראַ'ס שוועסטער? איאָ, אַ וואונדערבאַרע מעדעל?

— אַ וואונדערבאַרע, — האָט בעשטעטיגט אַראַטאָוו. — זי האָט מיר זעהר פיעל אינטערעסאַנטעס מיטגעטהיילט.

— האָט זי דיר געזאָגט, ווי אַזוי קלאַראַ האָט זיך פֿערגיפֿטעט?

— דאָס הייסט... ווי־זשע דען.

— נו, ווי אַזוי?

— ניין... זי איז נאָך געווען צופֿיעל פֿערטרויערט... איך האָב ניט גע'פּועל'ט ביי זיך צופֿיעל צו פֿרעגען. וואָס'י ס'איז געווען עפּעס אויסערגעוועהנליכעס?

— געוויס, איז געווען. שטעל זיך פֿאָר: זי האָט געדאַרפֿט דעם זעלבען טאָג שפּילען — און האָט געשפּילט. מיטגענומען מיט זיך אַ פֿלעשעלע גיפֿט אין טעאַטער, פֿאַר'ן ערשטען אַקט האָט זי דאָס אויסגעטרונקען — און אַזוי האָט זי אָפּגעשפּילט דעם גאַנצען אַקט. מיט'ן גיפֿט אין זיך! אָט וואָס פֿאַר אַ ווילענס־קראַפֿט! וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער! און, מען זאָגט, אַז זי האָט נאָך קיינמאָהל מיט אַזאַ געפֿיהל, מיט אַזוי פֿיעל טעמפּעראַמענט ניט דורכגעפֿיהרט איהר ראָלע ווי דעם אָווענד! דאָס פּובליקום האָט קיין זאַך ניט פֿאָראויסגעפֿיהלט, מען אַפּלאָדירט, מען רופֿט זי אַרויס... און ווי נאָר דער פֿאָרהאַנג איז אַראָפּגעפֿאַלען — איז זי אויך מיטגעפֿאַלען. זי האָט זיך אָנגעהויבען צונויפֿציהען... איינקאָרטשען... און אין אַ שטונדע אַרום — אויס! האָב איך דיר דען ניט דערצעהלט? אין די צייטונגען האָט מען דאָס אויך געשריבען!

ביי אַראַטאָוו'ן זענען פּלוצלינג געוואָרען קאַלט די הענד און אין האַרצען האָט עפּעס געציטערט.

— ניין, דאָס האָסטו מיר ניט דערצעהלט, — האָט ער ענדליך אויסגערעדט — און דו ווייסט ניט אין וואָס פֿאַר אַ פּיעסע דאָס איז געווען?

קופּפֿער האָט זיך פֿאַרטראַכט. — מען האָט מיר אָנגערופֿען דעם נאָמען... אין איהר קומט פֿאָר אַ אָבגענאַרטע מעדעל... מסתמא, אַדראַמאַ וועלכע ניט איז. קלאַראַ איז געווען ווי געבוירען פֿאַר דראַמאַטישע ראָלען... די פֿיגור אַליין... נאָר וואוהין לויפֿסטו? האָט זיך קופּפֿער אַליין איבערגעשלאָגען, זעהענדיג, אַז אַראַטאָוו געהמט זיך פֿאַר זיין הוט.

— איך בין עפּעס ניט אין גאַנצען געזונד, — האָט אַראַטאָוו געענטפֿערט.—צום ווידער זעהען... איך וועל אַן אַנדער מאָהל קומען.

קופּפּער האָט איהם אָבגעשטעלט און אַריינגעקוקט איהם אין געזיכט. — עה, ברודער, וואָס פאַר אַ נערוועזער מענש דו ביזט! גיב נאָר אַ קוק אויף זיך... ווייס, ווי קאַלך.

— איך בין עפּעס ניט געזונד, — האָט אַראַטאָוו ווידער־האָלט, זיך בעפריים פון קופּפּערס הענד און איז געגאַנגען זיין וועג. נאָר אין דער מינוט איז איהם קלאָהר געוואָרען, אַז ער איז איי־גענטליך אויך צו קופּפּערן געגאַנגען מיט דעם צוועק צו ריידען וועגען קלאַראַ'ן...

— „וועגען דער וואַהנזיניגער, אומגליקליכער קלאַראַ'ן..."

נאָר קומענדיג אַהיים, האָט ער זיך ווידער שנעל בערוהיגט— ביז אַ געוויסער מאָס.

די בעדינגונגען ביי וועלכע עס איז פאָרגעקומען קלאַראַ'ס טויט, האָבען פריהער אויף איהם געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק... נאָר דערנאָך האָט זיך דאָס „שפּיעלען מיט'ן גיפט אינעווייניג", ווי קופּ־פּער האָט זיך אויסגעדריקט, געדאַכט פאַר אַ צובראָכענע פראַזע, פאַר אַ קאָקעטעריי — און ער האָט זיך שוין געסטאַרעט ניט צו טראַכ־טען פון דעם, מורא האָבענדיג צו ערוועקען אין זיך אַ שלעכטען געפיהל, עהנליך צו עקעל. און ביים מיטאָג זיצענדיג מיט פּלאַטאָ־שען, האָט ער פּלוצלינג דערמאָהנט איהר ביינאַכטיגען וויזיט, דער־מאָהנט דעם דיקען יאַק, דעם הייבעל מיט דער הויכער שטענגע (און צו וואָס איז די שטענגע אויף אַ נאַכט־הייבעל?!), די גאַנצע לעבערליכע פיגור, אַ דאַנק וועלכער, אַזוי ווי דורכ'ן פייף פון דעם מאַשיניסט אין פאַנטאַסטישען באַלעט, זענען אַלע זיינע חלומות צו־שטויב געוואָרען! ער האָט זאָגאַר געצוואונגען פּלאַטאָשען זי זאָל איהם איבערדערצעהלען ווי אַזוי זי האָט דערהערט זיינע געשרייהען, ווי זי האָט זיך דערשראָקען, אויפגעשפּרונגען, ניט געקענט באַלד געפינען ניט איהר טהיר, ניט זיין טהיר און אַזוי ווייטער. אין אָוונד האָט ער מיט איהר געשפּילט אין קאָרטען און איז אַוועק צו זיך אין צימער אַביסעל אַן אומעטיגער, אָבער אַ גאַנץ רוהיגער.

אַראַטאָוו האָט ניט געטראַכט וועגען דער קומענדער נאַכט און האָט זיך ניט געשראָקען פאַר איהר: ער איז געוועזען זיכער אַז זי וועט איבערגעהן ווי מען דאַרף ניט בעסער. דער געדאַנק וועגען

קלאַראַ'ן האָט זיך אין איהם פֿון צייט צו צייט אויפֿגעוועקט; נאָר ער האָט גלייך דערמאָהנט ווי „פֿראַזאָ'ריש" זי האָט זיך דאָס לעבען גענומען, און האָט זיך אָפּגעקעהרט דערפֿון. די „העסליכקייט" האָט געשטערט אַנדערע עראינערונגען וועגען איהר. חאַפּענדיג פֿערבייגעהענדיג אַ קוק אויפֿ'ן סטערעאָסקאָפּ, האָט זיך איהם זאָגאַר גערדאַכט, אַז זי האָט דעריבער געקוקט אָן אַ זייט, ווייל זי שעהמט זיך דערמיט. פּונקט איבערן סטערעאָסקאָפּ, אויפֿ'ן וואַנד איז געהאַנגען זיין מוטערס בילד. אַראַטאָוו האָט איהם אַראָפּגענומען פֿון וואַנד, האָט לאַנג אויף איהם געקוקט און אַנידערגעלעגט אין טיש קעסטיל. פֿאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָהן? צי ווייל דאָס בילד האָט זיך ניט געדאַרפֿט געפֿינען בשכנות מיט יענע פֿרויענצימער... אָדער צוליעב אַנדערע אורזאַכען — אַראַטאָוו האָט זיך אין דעם קיין רעכנונג ניט אָפּגעגעבען. נאָר דאָס בילד פֿון דער מוטער האָט אין איהם געוועקט עראינערונגען וועגען זיין פֿאָטער... וועגען זיין פֿאָטער, וועלכען ער האָט געזעהען אַ גוסס'ן אין דעם זעלבען צימער, אויף דער זעלבער בעט. „וואָס דענקסטו וועגען דעם, פֿאָטער? — האָט ער איהם געפֿרעגט אין די געדאַנקען. — דו האָסט דאָס אַלעס פֿערשטאַנען; דו האָסט אויך געגלויבט אין שילער'ס גייסטער־וועלט. — גיב מיר אַן עצה!"

דער פֿאָטער וואָלט מיר אַן עצה געגעבען אַוועקוואַרפֿען די אַלע נאַרישקייטען, — האָט אַראַטאָוו הויך אויסגערעדט און גענומען זיך פֿאַרן בוך. לעזען לאַנג האָט ער פֿונדעסטוועגען ניט געקענט און, פֿיהלענדיג אַ מין שווערקייט איבערן גאַנצען קערפּער, האָט ער זיך פֿריהער ווי אַלע מאָל געלעגט אין בעט, זייענדיג זיכער, אַז ער וועט באַלד איינשלאָפֿען.

אַזוי איז טאַקע געוועזן... נאָר זיינע האָפֿנונגען אויף אַ רוהיגע נאַכט זענען ניט פֿערווירקליכט געוואָרען.

---

# XVII

עס איז נאָך ניט געווען קיין האַלבע נאַכט, ווען איהם האָט זיך בעוויזען אַן אויסער געוועהנליך שרעקליכער חלום.

איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער געפינט זיך אין אַ רייכען פּריצישען הויף, פון וועלכען ער איז דער בעל־הבית. ער האָט ניט לאַנג געקויפט דאָס הויז און אַלע גיטער ארום. און איהם דאַכט זיך אַלץ: „גוט, איצט איז גוט, נאָר עס וועט קומען אַ אומגליק!" אַרום איהם דרעהט זיך אַ קלייניקער מענשעלע, זיין פערוואַלטער; ער לאַכט נאָר, בוקט זיך, און וויל אַלץ ווייזען אַראַטאָוו'ן, ווי זיין הויז און גיטער זענען גוט איינגעאָרדענט. — ביטע, ביטע, — זאָגט ער נאָכאַנאַנד לייכט הוסטענדיג ביי יעדען וואָרט: — קוקט ווי אַלעס ביי אייך איז אין אָרדנונג! אָט זענען די פערד... זעהט, וואָס פאַר אַ טהייערע פערד! — און אַראַטאָוו זעהט אַ גאַנצע רייהע גרויסע פערד. זיי שטעהען אין די שטאַהלען מיט'ן עק צו איהם! און די גריוועס און די עקען זענען ביי זיי אויסגעצייכענטע... און ווי אַראַטאָוו געהט נאָר פערביי זיי, קעהרען זיך אום די פערד מיטן קאָפּ צו איהם — און שצירען בייז מיט די ציינער. — גוט... טראַכט אַראַטאָוו... נאָר עס וועט קומען אַן אומגליק! — ביטע, ביטע, — זאָגט ווייטער דער פערוואַלטער: — קומט אין סאָד: זעהט וואָס פאַר אַ וואונדערבאַר'ע עפּעל ביי אייך זענען! — די עפּעל זענען ווירקליך גוטע, רויטע, קיילעכדיגע; נאָר ווי אַראַטאָוו גיט אַ קוק ווערען זיי איינגעשרימפּט און פאַלען אַראָפּ... „עס וועט קומען אַן אומגליק", טראַכט ער. — און אָט איז דאָס טייכעל, — שושקעט איהם איין דער פערוואַלטער: — זעהט וואָס פאַר אַ בלאָהע און

גלאַטע! אָט איז אַ שיפֿעל אַ גאָלדענע... ווילט איהר זיך אויף איהר דורכשפּאַצירען?.. זי שווימט אַליין. — „איך וועל זיך ניט זעצען! טראַכט אַראַטאָוו: — עס וועט זיין אַן אומגליק!” און זעצט זיך פֿאָרט אין שיפֿעל. אויפֿ'ן דעק ליגט, איינגעקאָרטשעט עפּעס אַ מין קליינע בעשעפֿעניש, עהנליך צו אַ מאַלפּע; זי האַלט צווישען די פֿים אַ פֿלעשעלע מיט אַ דונקעלע פֿליעסיגקייט. — האָט קיין מורא ניט, — שרייט פֿון ברעג דער פּערוואַלטער... — דאָס איז גאָר נישט! דאָס איז דער טוידט! אַ גליקליכע רייזע! — די שיפֿעל שווימט שנעל אַוועק... נאָר פֿלוצלינג לויפֿט אָן אַ ווינטעל, ניט אַזוי ווי דער נעכטיגער, אַ שטילער, אַ ווייכער, — ניין; אַ שוואַרצער, שרעקליכער, יאָמער־ליכער ווינד! — אַלץ אַרום ווערט אויסגעמישט — און צווישען דעם זאַמד וואָס דרעהט זיך שנעל אַרויף זעהט ער קלאַראַ'ן אין אַ טעאַטער־קאָסטיום: זי טראָגט צו דאָס פֿלעשעלע צו איהרע ליפּען, עס הערען זיך ווייטע קולות: בראַוואָ! בראַוואָ! — און עמיצענס אַ גראָבע שטימע שרייט אַראַטאָוו'ן אויפֿ'ן אויער: — אַה! דו האָסט געמיינט, אַז אַלעס וועט זיך ענדיגען מיט אַ קאָמעדיע? ניין, דאָס איז אַ טראַגעדיע! אַ טראַגעדיע!

אינגאַנצען טרייסלענדיג, האָט זיך אַראַטאָוו אויפֿגעכאַפּט. אין צימער איז ניט פֿינסטער... פֿון ערגיץ וואו שיינט אַריין אַ שוואַכע ליכט און אומעטיג, און אונבעוועגליך בעלייכט ער אַלע זאַכען. אַראַטאָוו גיט זיך ניט אָב קיין רעכנונג, פֿון וואַנען שיינט אַהערצו דאָס ליכט... ער פֿיהלט נאָר איינס: קלאַראַ איז דאָ, אין דעם צימער... ער פֿיהלט איהר אַנוועזענהייט דאָ... ער איז ווידער און אויף אייביג אין איהר מאַכט!

פֿון זיינע ליפּען רייסט זיך אַרויס אַ געשריי: — קלאַראַ, דו ביזט דאָ?

— יאָ! — קלינגט אָפּ דייטליך צווישען דעם אונבעוועגליך בעלויכטענעם צימער.

אַראַטאָוו חזר'ט איבער שטילער זיין פֿראַגע...

— יאָ! — הערט זיך ווידער.

— דאַן וויל איך דיך זעהען! — שרייט ער אויס און שפּרינגט אַראָפּ פֿון בעט.

אַ פּאָר סעקונדען איז ער געשטאַנען אויף איין אָרט, רייבענ-דיג מיט די נאַקעטע פּיס די קאַלטע פּאָדלאָגע. זיינע בליקען האָבען געבלאָנדזשעט: „וואו־זשע? וואו?" האָבען געשטאַמעלטזיינע ליפּען. קיין זאַך ניט צו זעהען, ניט צו הערען...

ער האָט זיך אַרומגעקוקט — און האָט בעמערקט, אַז דאָס שוואַכע ליכט, וואָס קומט אין צימער, איז פון דעם נאַכט-לעמפּיל, וואָס איז אַוועקגעשטעלט אין ווינקעל, מסתמא, דורך פלאַטאָשען, ווען ער האָט שוין געשלאָפען. ער האָט זאָגאַר דערפּיהלט דעם ריח פון ווייראַך... אויך, מסתמא, איהר אַרבייט.

ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָהן. — פון בלייבען לענגער אין בעט, שלאָפען — איז ניטאָ וואָס צו טראַכטען. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטען שטוב און האָט צונויפגעלייגט די הענד. — קלאַראַ'ס אַנוועזענהייט האָט ער איצט געפיהלט שטאַר-קער ווי אַלע מאָהל.

און ער האָט אָנגעהויבען צו ריידען ניט מיט קיין הויכער שטי-מע, נאָר מיט אַ פייערליכע לאַנגזאַמקייט, אַזוי ווי מען בעשווערט.

קלאַראַ, — אַזוי האָט ער אָנגעהויבען: אויב דו ביזט ווירק-ליך דאָ, אויב דו זעהסט מיך, אויב דו הערסט מיך — בעווייז זיך!... אויב אָט דיזע מאַכט, וועלכע איך פיהל אויף זיך איז ד י י ן מאַכט — בעווייז זיך! אויב דו פאַרשטעהסט ווי ביטער איך האָב חרטה אויף דעם, וואָס איך האָב דיך ניט פערשטאַנען, וואָס איך האָב דיך אָבגעשטויסען — בעווייז זיך! אויב דאָס וואָס איך האָב געהערט — איז ווירקליך דיין שטימע; אויב דאָס געפיהל, וואָס האָט מיך בעהערשט — איז ליעבע; אָויב דו ביזט איצט ווירק-ליך זיכער, אַז איך האָב דיך ליעב, איך, וועלכער האָב ביז אַהער ניט געליעבט, און ניט געוואוסט קיין איינציגע פרוי; — אויב דו ווייסט, אַז נאָך דיין טוידט האָב איך דיך ליעב בעקומען ליידענ-שאַפטליך, אונענדליך, אויב דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל פון זינען אַראָפּ — בעווייז זיך, קלאַראַ!

אַראַטאָוו האָט נאָך ניט צייט געהאַט אַרויסצוזאָגען דאָס לעצטע וואָרט, אַלס ער האָט פּלוצלונג דערפיהלט, ווי עמיצער איז צו איהם צוגעגאַנגען, פון הינטען — ווי דאַמאָלס, אין בולוואַר — און האָט

איהם אַרויפֿגעלעגט די האַנד אויפֿ'ן אַקסעל. ער האָט זיך אומגע־קעהרט — און האָט קיינעם ניט געזעהען. נאָר דאָס געפֿיהל פֿון איהר זיין דאָ איז געוואָרען ביי איהם אזוי דייטליך, אַזוי קלאָהר, דאָס ער האָט זיך וויעדער שנעל אומגעקעהרט.

וואָס איז דאָס? אויף זיין שטוהל, צוויי טריט ווייט פֿון איהם, זיצט אַ פֿרויענצימער, איינגאַנצען אין שוואַרצען. דער קאָפּ איז גע־בויגען אויף אַ זייט, אַזוי ווי אין סטערעאָסקאָפּ... דאָס איז זי! דאָס איז קלאַראַ! אָבער וואָס פֿאַר אַ שטרענגע, אומעטיגע געזיכט!

אַראַטאָוו האָט זיך שטיל אַראָפּגעלאָזען אויף די קניה. — יאָ; ער איז דאַן געווען גערעכט: ניט קיין שרעק, ניט קיין פֿרייד איז געווען אין איהם — אפילו נישט קיין פֿערוואונדערונג... זאָגאַר זיין האַרץ האָט שטילער געקלאַפּט. אין איהם איז געווען איין גע־דאַנק, איין געפֿיהל: „אָה, ענדליך! ענדליך!"

— קלאַראַ, — האָט ער גערעדט מיט אַ שוואַכע, אָבער גלייכע שטימע: — פֿאַרוואָס קוקסט'ו ניט אויף מיר? איך ווייס, אַז דאָס ביזט דו... נאָר איך קען דאָך מיינען, אַז מיין פֿאָרשטעלונגס-קראַפֿט האָט געשאַפֿען פֿאַר מיר אַ געשטאַלט עהנליך צו יענע... (ער האָט געוויזען מיט'ן האַנד אין דער ריכטונג פֿון סטערעאָסקאָפּ)... דער־ווייז מיר, אַז דאָס ביזט דו... גיב זיך אַ קעהר צו מיר, גיב אַ קוק אויף מיר, קלאַראַ!

קלאַראַ'ס האַנד האָט זיך לאַנגזאַם אויפֿגעהויבען... און איז צוריק געפֿאַלען.

— קלאַראַ, קלאַראַ! קעהר זיך אום צו מיר!

און קלאַראַ'ס קאָפּ האָט זיך שטיל אומגעקעהרט, איהרע גע־שלאָסענע ברעמען האָבען זיך פֿאַנאַנדערגעעפֿענט, און די דונקעלע שוואַרצאַפּלען פֿון איהרע אויגען האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף אַראַטאָוו'ן.

ער האָט זיך אַביסעל אַ ציה געטאָהן צוריק — און האָט אַרויס־געלאָזען איין פֿאַנאַנדערגעצויגענעם, ציטעריגען: — אַה!

קלאַראַ האָט דורכדרינגענד געקוקט אויף איהם... נאָר איהרע אויגען, איהרע געזיכטסשטריכען האָבען געהאַט דעם פֿריהעריגען פֿערטראַכטען ערענסט, און האָבען אויסגעדריקט כמעט אונצופֿריי־

דענהייט. מיט דעם זעלבען אויסדריק פון געזיכט איז זי אַרויף אויפ׳ן ביהנע אין יענעם מאָרגען־באַל — בעפאָר זי האָט דערזעהען אַראַטאָוו׳ן. און אויך אַזוי ווי דאַמאָלס איז זי פלוצלינג רויט געוואָרען, דאָס געזיכט האָט אויפגעלעבט, איהר קוק האָט אויפגעפלאַמט — און אַ צופריעדענער, פייערליכער שמייכעל האָט פאַנאַנדערגעעפענט איהרע ליפען.

— איך בין ענטשולדיגט! — האָט אויסגעשריהען אַראַטאָוו. — דו האָסט מנצח געווען... טאָ נעהם מיך! איך בין דאָך דיינער — און דו מיינע!

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָהן צו איהר, ער האָט געוואָלט אַ קוש טאָהן די שמייכלענדע, די צופרידענע ליפען — און ער האָט זיי געקושט, ער האָט געפיהלט זייער הייסע בעריהרונג, ער האָט געפיהלט זאָגאַר דאָס פייכטע קעלט פון איהרע ציינער — און אַ געשריי פול התפעלות האָט פערקלונגען דעם האַלב פינסטערען צימער.

די אַריינגעלאָפענע פלאטאנידא איוואַנאָוונאַ האָט איהם געפונען אין חלשות. ער איז געשטאַנען אויף די קניה; זיין קאָפּ איז געלעגען אויפ׳ן שטוהל; זיינע פאָראויס אויסגעשטרעקטע הענד זענען אָהנמעכטיג אַראָפגעהאַנגען; זיין בלאַסע געזיכט האָט אויסגעדריקט אומענדליכען גליק.

פלאטאנידא איוואַנאָוונאַ איז אַזוי אנידערגעפאַלען נעבען איהם, אַרומגענומען זיין טאַליע, און האָט געשעפטשעט: יאשא, יאַשענקאַ, יאַשעטשקע! — זי האָט איהם געפרובט אויפהייבען מיט איהרע ביינערדיגע הענד... ער האָט זיך ניט געריהרט. דאַן האָט פלאטאנידא איוואַנאָוונאַ גענומען שרייען ניט מיט איהר קול. עס איז אַריינגעלאָפען די דינסט. זאַלבענאַנד האָבען זיי איהם ווי עס איז אויפגעהויבען, אַנידערגעזעצט, גענומען שפריצען אויף איהם מיט וואַסער — מיט הייליגע...

ער איז געקומען צו זיך. אויף דער מוהמעס פראַגען האָט ער נאָר געשמייכעלט — און מיט אַזאַ צופריעדען געזיכט, דאָס זי האָט זיך נאָך מעהר דערשראָקען — און זי האָט נאָכאַנאַנד גע׳צלמ׳ט אַמאָהל איהם און אַמאָהל זיך... אַראַטאָוו האָט ענדליך אַוועקגענו־

מען איהר האַנד און מיט דעם זעלבען צופריעדענעם אויסדריק אויפ'ן געזיכט האָט ער געזאָגט: — נו, פלאַטאָשאַ, וואָס איז מיט אייך?

— מיט דיר איז עפּעס, יאַשענקע?

— מיט מיר? איך בין גליקליך... גליקליך פלאַטאָשאַ... אָט דאָס איז מיט מיר. און איצט וויל איך זיך לעגען און שלאָפען. — ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבען — נאָר ער האָט געפיהלט אַזאַ שוואַכקייט אין די פיס און אין גאַנצען קערפּער, אַז אָהן דער הילף פון דער מוהמען און דער דינסט האָט ער זיך ניט געקענט אויס־טאָהן — און לעגען זיך אין בעט. דערפאַר איז ער באַלד איינגע־שלאָפען, מיט דעם זעלבען גליקליך־צופרידענעם אויסדריק אויפ'ן געזיכט. נאָר דאָס געזיכט איז געוועזן בלאַס.

---

## XVIII.

ווען אויף מאָרגען איז פלאַטאַנידאַ איוואַנאָוונאַ אַריינגעקומען צו איהם האָט ער זיך נאָך אַלץ געפונען אין דעם זעלבען צושטאַנד... נאָר דאָס שוואַכקייט איז ניט אַריבער — און ער האָט זאָגאַר בעסער געגליכען צו פערבלייבען אין בעט. דאָס בלאַסקייט פון זיין געזיכט איז בעזאָנדערס ניט געפעלען געוואָרען פלאַטאַנידאַ איוואַנאָוונע'ן. — וואָס איז דאָס, גאָט! — האָט זיך איהר געטראַכט: — קיין טראָפען בלוט אויפ'ן געזיכט ניטאָ, פון עסען ענטזאָגט ער זיך, ליגט און שמייכעלט — און טענה'ט אַלץ, אַז ער איז געזונד! — ער האָט זיך פון פריהשטיק אויך ענטזאָגט.—ווי איז דאָס, יאַשאַ? — האָט זי איהם געפרעגט: — דו מיינסט אַזוי דעם גאַנצען טאָג אָפליגען? — און פאַר וואָס ניט? — האָט גוטמוטהיג געענטפערט אַראַטאָוו. — און די גוטמוטהיגקייט זיינע איז ווידער ניט געפעהלען געוואָרען פלאַטאַנידאַ איוואַנאָוונאַ'ן. אַראַטאָוו האָט געהאַט דעם אויסזעהן פון אַ מענשען, וואס איז דערגאַנגען אַ גרויסע, זעהר אַנגענעהמע געהיימנים — און האַלט זי און היט זי ביי זיך מיט גרויס אייפער. ער האָט ערוואַרט די נאַכט — ניט אַזוי מיט אונגעדולד, ווי מיט נייגעריגקייט. — וואָס וועט ווייטער זיין? — האָט ער זיך ווייטער געפרעגט: — וואָס וועט זיין? ערגערן זיך, וואונדערן זיך האָט ער אויפגעהערט: ער האָט ניט געצווייפעלט אין דעם אַז ער האָט פערבינדונגען מיט קלאַראַ'ן; אַז זיי האָבען איינע די אַנדערע ליעב... אויך אין דעם האָט ער ניט געצווייפעלט. נאָר... נאָר וואָס קען אַרויסקומען פון אַזאַ ליעבע? — ער האָט דערמאָהנט יענעם קוש... און אַ אַנגענעהמע קעלט איז איהם דורכגעלאָפען איבער אַלע גלי-עדער. — פון אַזאַ קוש האבען אפילו ראָמעאָ און דזשולעטאַ ניט געוואוסט! נאָר דעם אַנדערן טאָג וועל איך שוין מעהר אויסהאַלטען...

איך וועל זי בעזיצען... זי וועט קומען אין א קראַנץ פֿון קלייניקע בלומען אויף איהרע שוואַרצע לאָקענס...

— נאָר ווי זאָל זיין ווייטער? מען קען דאָך אַזוי ניט לעבען צוזאַמען? הייסט דאָס, וועט מיר אויסקומען צו שטאַרבען, אום צו זיין צוזאַמען מיט איהר? צי ניט צוליעב דעם איז זי געקומען — און צי ניט אַזוי וויל זי מיך נעהמען?

— נו, איז וואָס? שטאַרבען — איז שטאַרבען. דער טוידט שרעקט מיך איצט נישט אַ האָהר. פֿערניכטען קען ער מיר דאָך ניט? אדרבה, נאָר אַזוי און נאָר דאָרטען וועל איך זיין גליקליך... ווי איך בין ניט געווען גליקליך אין לעבען, און ווי זי איז ניט געווען... מיר זענען דאָך ביידע—אונבעריהרטע!—אָה, דיעזער קוש!

פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ איז יעדע ווילע אַריינגעגאַנגען צו אַראַטאָוו'ן אין צימער; זי האָט איהם ניט בעאונרוהיגט מיט פֿראַגען — זי האָט אויף איהם נאָר געקוקט, עפּעס געשעפּטשעט, גע־זיפֿצט — און איז ווידער אַוועק. — נאָר אָט האָט ער זיך ענט־זאַגט אויך פֿון מיטאָג... דאָס איז שוין ניט איבערצוטראָגען. די אַלטיטשקע איז אַוועק צו איהר בעקאַנטען בעצירקס־דאָקטאָר, אין וועלכען זי האָט געגלויבט בלויז דערפֿאַר, ווייל ער טרינקט ניט און האָט געהייראַט אַ דייטשקע. אַראַטאָוו האָט זיך פֿערוואונדערט, ווען זי האָט צו איהם געבראַכט דעם דאָקטאָר; נאָר פלאַטאָנידאַ אי־וואַנאָוונאַ האָט אַזוי שטאַרק געבעטען איהר יאַשענקען צו ערלויבען פֿאַראַמאָן פֿאַראַמאָניטש'ן (אַזוי האָט מען גערופֿען דעם רופא) בע־קוקען איהם — נו, חאָטש צוליעב איהר! — אַז אַראַטאָוו האָט דערצו מסכים געווען. פֿאַראַמאָן פֿאַראַמאָניטש האָט איהם אַ טאַפּ געטאָהן דעם דופק, אַ קוק געטאָהן אויפֿ'ן צונג — עפּעס וואָס געפֿרעגט — און האָט, ענדליך, ערקלעהרט, אַז מען מוז איהם „אונטערזוכען". אַראַטאָוו איז געווען אין אַזאַ צוגעלאָזענער שטימונג, אַז ער האָט אויך דערצו איינגעשטימט. דער רופא האָט גאַנץ פֿאַר־זיכטיג איהם לויז געמאַכט זיין ברוסט, פּאַמעליך געקלאַפּט אויף איהר, אויסגעהערט, אַ ברום געטאָהן — און האָט פֿערשריבען טראָפּענס און אַן אַנדער מעדיצין — און דער עיקר:— האָט ער געראַטהען איהם צו זיין רוהיג און אָפּהאַלטען זיך פֿון שטאַרקע

איינדריקע. — „אַזוי! — האָט געטראַכט אַראַטאָוו... נו, ברודער, צו שפּעט האָסטו זיך געחאַפּט!" — וואָס איז מיט יאַשען? האָט געפרעגט פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ, דערלאַנגענדיג פּאַראַמאָן פּאַראַ־מאָניטש'ן שוין ביים שוועל אַ דריי רובעלדיגע, דער בעצירקס-רופא, ווי אַלע גיי-מאָדישע דאָקטוירים, — בעזונדערס די, וועלכע טראָ־גען קנעפּ, — האָט ליעב געהאַט צו בענוצען זיך מיט וויסענשאַפט-ליכע ווערטער, און האָט איהר ערקלעהרט, אַז ביי איהר פּלימעניק זיינען אַלע דראָפּטרישע סימפּטאָמען פון נערוועזיטעט — און ער האָט אַ פּעברים. — דו, פּאָטער'ל, רייד אַביסעל פּראָסטער, האָט איהם איבערגעהאַקט פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ: — מיט דיין לאַ־טיין שרעק נישט, דו שטעהסט ניט אין קיין אַפּטייק! — דאָס האַרץ איז ניט אין אָרדנונג, — האָט איהר געגעבען צו פּאַרשטעהן דער רופא; — נו, און אַ קדחת... — און האָט איהר איבער־גע'חזר'ט זיין ראַטה וועגען רוהע, און צוריקהאַלטונג. — אָבער קיין געפּאַהר איז דאָך ניטאָ? — האָט שטרענג געפּרעגט פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ (זעה. הייסט דאָס, — פּאָהר ווידער ניט אַריין מיט דיין לאַטיין!)—דערווייל זעה איך ניט!

דער רופא איז אַוועק — און פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך בערוהיגט... פונדעסטוועגען האָט זי געשיקט אין אַפּטייק נאָך די רפואות, וועלכע אַראַטאָוו האָט ניט גענומען, ניט קוקענדיג אויף איהרע אַלע בקשות. ער האָט זיך אויך ענטזאַגט פון ברוסט-טהעע. — און צו וואָס זאָרגט איהר אַזוי, טייערע? — האָט ער צו איהר געזאָגט: — איך פּערזיכער אייך, איך בין איצט דער סאַמער גע־זונדסטער און גליקליכסטער מענש אין דער גאַנצער וועלט! — פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט נאָר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. צו דער נאַכט האָט ער בעקומען אַביסעל היץ; פונדעסטטוועגען איז ער גע-בליבען ביי דאָס זייניגע, אַז זי זאָל ניט בלייבען ביי איהם אין צי-מער און געהן צו זיך שלאָפען. פלאַטאָנידאַ איוואַנאָוונאַ האָט גע־פּאָלגט — נאָר זי האָט זיך ניט אויסגעטאָהן און ניט געלעגט; זי האָט זיך געזעצט אין פּאָטער־שטוהל — און זי האָט זיך אַלץ צו-געהערט און געשעפּטשעט איהר תפלה.

זי האָט שוין גענומען איינדרעמלען, ווען אַ שרעקליכער, הערצ-

רייסענדער געשריי האָט זי פּלוצלינג אויפגעוועקט. זי איז אויפגעשפּרונגען, האָט זיך געוואָרפען אין צימער צו אַראַטאָוו'ן — און, אַזוי ווי נעכטען, האָט זי איהם געפונען ליגענדיג אויף דר'ערד.

נאָר ער איז שוין ניט געקומען צו זיך אַזוי ווי נעכטען, וויפיעל מען האָט ניט געאַרבייט אַרום איהם. אין דערזעלבער נאַכט האָט ער בעקומען אַ היץ־קראַנקהייט, וועלכע האָט מיטגעבראַכט אַ האַרץ־ענטצינדונג.

אין עטליכע טעג אַרום איז ער געשטאָרבען.

ביי מאָדנע אומשטענדען איז ער דעם צווייטען מאָל אין חלשות געפאַלען. ווען מען האָט איהם אויפגעהויבען און אַוועקגעלייגט, איז ביי איהם אין האַנד געווען אַ קליינער לאָקען שוואַרצע פרויען־האָר. פון וואַנען האָבען זיך גענומען די האָר? ביי אַננאַ סעמיאָנאָוונע'ן איז געווען אַזאַ לאָקען, וועלכער איז פערבליבען פון קלאַראַ'ן; נאָר ווי אַזוי וועט זי דאָס אַוועקגעבען אַראַטאָוו'ן אַ זאַך, וואָס איז ביי איהר אַזוי טייער? סיידען זי האָט דאָס געמוזט בעהאַלטען אין טאַגעביכעל—און האָט אַליין ניט בעמערקט, ווי זי האָט דאָס אָפּגעגעבען.

פאַרן טויט, אין זיין רעדען פון היטץ, האָט ער זיך אָנגערופען ראָמעאָ... נאָכ'ן פערגיפטען זיך; גערעדט וועגען דער בעשלאָסענער, אָפּגעשטעלטער חתונה; — וועגען דעם, אַז ער ווייס איצט וואָס איז אַזוינס געגנוס. בעזונדערס שרעקליך איז פאַר פלאַטאָשע'ן געווען די מינוט, ווען אַראַטאָוו קומענדיג אַביסעל צום בעוואוסטזיין, און זעענדיג זי לעבען זיין בעט, האָט איהר געזאָגט: — „מוהמע, פאַר וואָס ווינסטו? — דערפאַר וואָס איך דאַרף שטאַרבען? וויסטו דען ניט, אַז ליעבע איז שטאַרקער פון טויט?... אָה טויט! טויט, וואו איז דיין גיפט? ניט וויינען — נאָר פרעהען זיך דאַרף מען—אָט אַזוי ווי איך פרעה זיך..."

און אויפ'ן געזיכט פון דעם גוסס האָט ווידער אויפגעשיינט דער גליקליך־צופריעדענער שמייכעל, פאַר וועלכען עס האָט זיך אַזוי געשראָקען די אָרעמע אַלטיטשקע.

בוזשיוואַל, — אָקטאָבער, 1882.

